


# כּלל־בּיבליאטעק

ו. לאַצקי־בערטאָלדי

# גזרת דעניקין

כּלל-בּיבּליאָטעק

ו. לאַצקי-בּערטאָלדי

# גזרת דעניקין




כּלל-פֿאַרלאַג
בּערלין

KLAL-VERLAG / BERLIN SW 68 / MARKGRAFENSTR. 73

מיט אַ כּוונה צו מיין פרוי, וואָס האָט מיט מיר
אינאיינעם איבערגעלעבט דעם צער און דעם
שרעק פון יענע טעג.

# הקדמה

פון אַ שרייענדיג, גראָב־מגושמדיג געמעל, פונם רוסישן „לובאָק“, איז דער רעניקין־מאָמענט אַראָפּ־געשפּרונגען אין דער היסטאָרישער ווירקליכקייט: ער איז דאָ באַשריבן מיט זיינע אייגענע פאַרבן.

וו. ל.

קיעוו, 1920.

## I.

### קיעוו, נאָוועמבער — דעצעמבער 1918

# דער ערשטער טריט פון די דאָבראָוואָלצעס*)

אין די לעצטע טעג פונם העטמאַנס אוקראַאינישער ־
רייטשמערישער ממשלה האָט זיך אין קיעוו פלוצים באַוויזן, ווי פון דער העלער הויט אַרויסגעשפּרונגען, אַ באַוואוסטע „היסטאָרישע” פיגור — נאָזדריאָוו בכבודו ובעצמו. פּריוווילינג — שוואַרץ־מאהדיג פּאַרפּוצט, האָט ער מיט דער עזות פון אַ שכּור אויסגעשריגן: דער גואל, רוסלאַנדס באַפרייער, פון באָלשעוויסטישן יאָך איז שוין געקומען. אָבער נאָר איך אַליין ווייס זיין נאָמען, ער הייסט אפשר אַטאַמאַן קראַסנאָוו, אָבער ס׳קאָן אויך געמאָלט זיין, אַז ס׳איז רעניקין אַליין, און אַ סברא איז פאַראַן, אַז ער איז נאָך גרעסער פון רעניקינען, ובכן, ווייל איך האָב אַייך איינגערוימט אַזאַ חשובן סוד און געבראַכט אַזאַ גוטע בשורה, גיט מיר אָפּ כּבוד און דער עיקר— ושאַלעוועט ניט קיין מאָגייטן, ווייל אָהן מעות קאָן די גאולה פאַר דעם פאָטערלאַנר נישט קומען. גיט געלט, געלט און נאָך אַמאָל געלט! — אָט דאָס איז געווען די

*) דאָבראָוואָלצעס, דעניקינצעס, פּרייוווילִיגע — דריי נעמען פאַר די אייגענע העלדן, וואָס זיינען ביי מיר באַצייכנט, על פּי סוד פון גלגול נשמות, דורך צוויי פאַרשוינען פון גאָגאָלס סאַטירע: די באַוואוסטע ליגנער און בּאַרימער נאָזדריאָוו און כלעסטאַקאָוו.

אידייע און דאָס איז אויך געווען די אַרבעט־פּראָגראַם פון דעם נייעם טאָג־העלד.

און ווייל אין זיינע ווערטער און אין זיינע מעשים איז טאַקע געלעגן אַ שטאַרקע אָנצוהערעניש אויף גזרת רעניקין, וואָס איז געקומען איבער אוקראַינע מיט אַ יאָר שפּעטער, איז פאַר אונז אַצינדערט כּדאי זיך צו דערמאָנען אָן דעם דאָזיגן פאַרשוין און זיך אָפּשטעלן אויף דעם מאָמענט פון זיין ערשיינען אין חודש נאָוועמבער 1918 — אַ בין־השמשות אין דער פּאָליטישער געשיכטע פון קיעוו, ווען כּלערליי שדים האָבן דאָרטן געהאַט פאַרפירט אַ ווילדן פּאָליטישן טאַנץ.

בכן, וואָסער רוח האָט רעגסטמאָל געבראַכט צו אונז דעם „ראָבראָוואָלעץ נאָזדריאָוו“ און פאַרוואָס האָט ער דאָס זוכה געווען צו ווערן ביי אונז אין אוקראַינע אַ „היסטאָרישע“ פיגור?

## דער בלייערנער פויגל

גלייך נאָכן בריסקער שלום, אין פריהלינג 1918, זיינען געקומען קיין אוקראַינע די דייטשע יונקערס, ווי שיינע געבעטענע אורחים. געבעטן פון דער אוקראַיני־שער צענטראַלער ראַדע, וואָס האָט זיי גערופן צו הילף אין דער מלחמה קעגן די באָלשעוויקעס. און הגם די דייטשן זיינען געווען לפּנים נישט מער ווי אורחים, פונ־דעסטוועגן האָבן זיי זיך פון דער ערשטער מינוט אָן דערפילט, ווי די אמתע בעלי־בתּים פון לאַנד.

ניטאָ וואָס זיך צו חדושן, אַז דער כּלומרשטער בעל־הבית פון אוקראַינע, די צענטראַלע ראַדע, האָט ניט שטאַרק אויסגענומען ביי די יונקערס, און אַז זי האָט

מיט אירע סאָציאַליסטישע רעגירונגס־פּאַרטייען נאָר אינגיכן אָנגעוואָרן דעם גאַנצן חן און זייערע אויגן: לויטן פּרייסישן גוסט איז די אוקראַינישע ראַדע געווען צו פיל דעמאָקראַטיש און ס'איז ביי די יונקערס אַרויפ־געשוואומען דער געדאַנק צו פאַרבייטן די ראַדע מיט עמיצן אַנדערש. געטראַכט און געטאָן. מיט פּרייסישער גראָבקייט, און שרייענדיג: מיט דייטשמערישן אַקצענט „Руки вверх“, האָבן זיך די יונקערס אַריינגעריסן אין זיצונגס־זאַל, פונאַנדערגעטריבן די מיניסטאָרן און די דעפּוטאַטן פון דער ראַדע, דערנאָך אינסצענירט מיטן נאָך־טעם פון אַ דייטשער סענטימענטאַל־ראָמאַנטישער אָפּערעטקע אַ באַוועגונג פון אַזוי אָנגערופענע „כלעבאָ־ראָבן“, פון גרויסע און קליינע פּריצים, ווי געהייסן מיט דייטשער דיסציפּלין חלומען וועגן דער היסטאָ־רישער פאַרגאַנגענהייט פון אוקראַינע און האָבן באַשאַפן, פאַר זיך צוליב תכלית און פאַרן עולם דעם ליימענעם גולם אויף ציקאַוועס, אַ בלייערנעם פויגל, „אַ העטמאַן איבער דער גאָרער אוקראַינע“.

אָנגעטאָן אים אין קאַזאַקיש־אוקראַינישער ראָ־מאַנטיק און מטושטשע צאַרישע זכרונות, אין ברייטע שאַראָוואַרן און אַ זיידענער בלוזע, אַהערגעשטעלט ביי דער זייט צוויי גולמס מיט בלויזע שווערדן און געצאַצ־קעט זיך מיט אים, ווי מיט אַן עכטן דייטשן פאַבריקאַט, אַ Made in Germany, אַפילו געפירט אים ווייזן דעם קייזער ווילהעלם ירום הודו אַליין. און אונזער פויגל, דער העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי, האָט זיך אויך געפילט גאָר און גאָר נישקשהדיג. דער פּרייסישער יונקער מיט דער דועל־ראַץ איבער דער באַק פלעגט מיט אים כאַפּן אַלע פויגלשע תנועות און העוויות, אַזוי אַז ער פלעגט לחלוטין פאַרגעסן אין זיין בלייערנעם חסרון און פּ־שטשען

נאָר האָפּערדיג, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן אין זיין אייגענעם זכות:

„אַט זעהט, אַדרבא, איך בין דאָך דער מלך פון די פויגלען, איך קאָן לעבן אייביג, און מיר איז קיין אָר־גאַנישער חסרון ניט פאַראַן; פון אינעווייניגסטע אָר־גאַנישע פּראָצעסן, וואָס בייטן זיך כּסדר און מאַכן אַמאָל חרוב מענשן און פעלקער, בין איך ברוך השם אָפּגעהיט, וואָרום איך בין פון בליי, און פּרובט טוט מיר עפּעס".

און וואָלטן די דייטשן אויסגעהאַלטן, ווער ווייס ווי לאַנג אונזער בלייערנער פויגל וואָלט נאָך פאַרבליבן אויף דער וויכער וועלט, אונטער דעם שיינעם הימל פון אוקראַינע. נאָר צוליב די מפּלות אויפן מערב־פראָנט האָט דער דייטשער יונקער זיך פּלוצים אַ טרייסל געטאָן, אונזער בלייערנער פויגל האָט מיט אַמאָל דערפילט, אַז זיין גאַנצער אָנשפּאַר האַלט אין פאַלן, און ער האָט אָנגעהויבן צאַפּלען, זיך דרייען און קערן אַהין און אַהער, אויסקוקנדיג אויף עפּעס אַ נס, אַ ישועה פון הימל.

## דער העטמאַן זוכט תחבולות

די מפּלה פון דייטשלאַנד באַשאַפט אין אוקראַינע אַ ליידיג אָרט, ווער וועט אים אַצינד פאַרנעמען? סע כאַפּט אָן אַ מוראָ פאַר דער פּוסטקייט. פאַלט אויף אַ המצאָה דער געזאַנדטער פון אוקראַינע אין בולגאַריע, טוט זיך אַ קער פון איין אָריענטאַציע צו דער אַנדערער, פון דייטשלאַנד צו דער אַנטאַנטע, און פּרובט פועלן ביי זיי, אַז זיי זאָלן איבערלאָזן דאָס דייטשע מיליטער אין אוק־ראַינע, ביז וואַנען דער העטמאַן וועט באַוויזן שאַפן אַן אייגן חיל...

ס'איז דאָך קלאָר, אַז די גאָרע וועלט איז פאַראינטע־רעסירט אינם העטמאַנס ממשלה, ניט שוין זשע וועט די אַנטאַנטע ניט פאַלן 'אויפן שכל, אַז מען טאָר ניט איבערלאָזן אַזאַ שיין לאַנד ווי אוקראַינע אויף הפקר, אָהן אַ בעל־הבית? נאָר פון דער אַנטאַנטע איז אין קול ואין עונה. דערווייל דערוואוסט מען זיך: דייטשלאַנד וויל שלום, וואָס סע זאָל ניט קאָסטן, און תיכּף לכל הפּחות אַ הפסקה אין דער מלחמה, כּדי צוצוגרייטן דעם שלום. די אַנטאַנטע ווידער שטעלט אַרויס אַ תּנאַי: אָפּטרעטן פריהער פון די פּאַרנומענע לענדער און אַרויספירן פון דאָרטן דאָס דייטשע מיליטער. און מע ווייס וואויל, אַז דייטשלאַנד וועט זיך איבער אוקראַינע ניט וועלן קריגן מיט דער אַנטאַנטע.

אומזיסט איז דאָראָשענקאָ, דער אוקראַינער מיני־סטער פאַר אויסערע ענינים, געפאָרן קיין בערלין בעטן הילף ביי דייטשלאַנד פאַרן העטמאַן פון דער גאָרער אוקראַינע: סע העלפט ניט, דייטשלאַנד איז געבונדן, זי קאָן זיך אַליין ניט העלפן. דער העטמאַן ווערט וואָס פון טאָג מער אומרוהיג, און סע הויבן אים אָן טרייסטן זיינע מקורבים מיט פאַלשע קלאַנגען און פוסטע ידיעות:

„אָט, אָט, מען פאָרט און מען קומט שוין, אַלע מלוכות, און קודם כּל פראַנקרייך, שיקן צו אים זייערע קאָנסולן, צען טויזנט קוריערן פון דער אַנטאַנטע זיינען אויפן וועג קיין אוקראַינע".

מע פּרובט אים איינשמועסן, אַז מען וועט אוקראַינע ניט פאַרלאָזן, און אַז די אָרער יענע מיליטערישע כּחות (צי פון די צענטראַלע דייטשע מלוכות, צי פון דער אַנ־טאַנטע) וועלן בכל אופן קומען אין אוקראַינע אין אים אָפּהיטן, ביז ווּאַנען ער וועט זיך ניט באַשאַפן אַן אייגענע אַרמיי. נאָר דערווייל באַנגט דעם העטמאַן דאָס האַרץ:

באָלשעוויקעס האָבן זיך באַוויזן אויף דער גרענעץ, דאָס דאָרף הויבט אויף דעם קאָפּ קעגן די פּריצישע כלעבאָ־ראָבן, סע באַווייזן זיך די ערשטע סמנים פון פּויערים־אויפשטאַנד מיט פּעטלורען בראש, די אַנטאַנטע איז אַזוי ווייט און די טעג זיינען אפשר געציילטע — ביז סע וועט קומען די נחמה, קאָן נאָך אַרויס די נשמה. און אָט אין אַזאַ האַרצקלעמעניש, אינם חושך, וואָס נעמט דעם העטמאַן אַרום פון אַלע זייטן, באַווייזט זיך אים פּלוצים אַ ליכטיגע שיין:

די צייטונגען ברענגען אַ פרייליכע בשורה עפּעס וועגן אַ וועלט־קאָאַליציע קעגן די באָלשעוויקעס, וועגן אַ פּלאַן צו פאַראייניגן קעגן זיי אַלע רוסישע ווייסע חברהניקעס, די קאַזאַקן פון דאָן און פון קובאַן מיט די פרייוויליגע פון דער צפון־אַרמיי און דרום־אַרמיי, וואָס האָט זיך פאָר־מירט אין אוקראַינע אונטער די שוץ־פליגלען פונם העט־מאַן. אָט וועגן דעם האָט דאָס מוריע געווען אַן ענגלישער דעלעגאַט דעם דאָנער אַטאַמאַן קראַסנאָוו און בכלל די רעגירונגען פון דאָן און קובאַן, וואָס האָבן שוין פון לאַנג אַ מגע ומשאָ מיט די מלוכות פון דער אַנטאַנטע.

אויב יאָ אַזוי, צו וואָס זשע דאַרף מען לויפן זוכן פאַר אוקראַינע מערב־אייראָפּייאישע פאַרבינדונגען אַזוי ווייט, ערגעץ אין אַ בולגאַריע אָדער נאָך ווייטער, בעת מיר קאָנען דאָס נאָך בעסער דערגרייכן אַזוי נאָהענט, זיך חברנדיג מיט אונזערע שכנים, מיט די דאָנער קאַזאַקן, וואָס זיינען מיט אַמאָל געוואָרן אַזוינע מקורבים מיט ענגלאַנד און מיט פראַנקרייך? דייטשלאַנד גייט אַראָפּ אין דער זייט, די אַנטאַנטע ווידער איז עפּעס צו ווייט, געוואַלד, וואו נעמט מען אַ לעבעדיגן ממשותדיגן כח פאַר אַ בלייערנעם פויגל? און די אָריענטאַציע פונם העטמאַן האַלט ווייטער ניט אויס קיין נסיון: ער הויבט אָן זיך

כשרן פון רייטשמערישער סאַמאָסטינאָסט, זאָגט זיך אָפּ פון אוקראַינער אומאָפּהיינגיגקייט, און טוט זיך אַ קער מיטן פּנים צו מזרח, צו אַ גרויסן פעדעראַטיוון רוסלאַנד, בּדי נושא חן צו זיין בּיי די דאָנער קאַזאַקן און די פרייוויליגע מכּל המינים, וואָס האָבּן געגומען אין אַרענדע די גאולה פון רוסלאַנד. אונזער בּלייערנער פויגל איז אַריין אין אַ צווייטן גלגול.

## דאָס הילצערנע פערדל

אָט דעם מאָמענט האָט דאָס באַגוצט דער דאָבּראָ־וואָלעץ נאָוורייאָוו, און מאַכנדיג יד אַחת מיט כלעס־טאַקאָוו, האָט ער פאַרפירט אויפן לייריגן אָרט אין אוקראַינע אַ טייוולאָנישע שוואַרץ־מאַהריגע שפּיל. די פרייוויליגע ווייסע־הברהניקעס זיינען מיט אַמאָל אַרויס־געשפּרונגען ווי פרעטענדענטן אויף דעם העטמאַנס ירושה מיט אַ שפּאָגל נייער פולמאַכט — ניט חס ושלום פון די פאָלקסמאַסן, נאָר פון גענעראַל דעניקין אַליין, דעם בּאַשערטן גואל פון רוסלאַנד. ווער, וואָס, ווען, — פרעגט נישט, און ס'איז גאָר קיינעם אין דער בּהלה ניט איינגעפאַלן פרעגן קשיות. סע האָט זיך אָנגעהויבּן אַ בּלאָף און אַ וואַקכאַנאַליע אַרום דעניקינס נאָמען, וואָס מען האָט אים דענסטמאָל צום ערשטן מאָל דער־הערט אין אוקראַינע. מען האָט זיך אָנגעהויבּן שושקען און סודן וועגן זיינע פולמאַכטן, וואָס ער האָט זיי כּלומרשט בּאַקומען פון דער אַנטאַנטע. און די גרויסע, אָבּער בּטבע פראָווינציעלע שטאָט קיעוו האָט געקאָכט און גערעשט. לויט די בּלאָף־קלאַנגען האָט די אַנטאַנטע בּכבודה ובעצמה געגעבּן דעניקינען פולמאַכטן איבּער אַלע בּאַוואָפנטע כּחות אויף דער גאָרער טעריטאָריע

פונם געוועזענעם רוסלאַנד. בכן האָט נאָר דער גענעראַל רעניקין די אמתע ממשלה אין אוקראַינע, און דער העט־מאַן דאַרף זיך ניט קווינקלען און זיין צופרידן, ווען די רעניקינצעס וועלן אים אויסנוצן, ווי דעם פערד פון טראָיאַ, און וועלן זיך פאַרקלייבן אין זיין לייַדיגן היל־צערנעם בויך אַריין און אים הייסן מאַכן אַלע תנועות און העויות פון אַ גרויס־רוסישן פּאַטריאָט, וואָס שטעלט זיך איין פאַר אַ „יערינאַיאַ און נערעלימאַיאַ“, פאַר אַ גאַנץ און, חס ושלום, נישט צעבּרעקלט רוס־לאַנד — וואָרום נאָר מיט דעם תנאי, אויב ער וועט מסכים זיין אויף אַ גרויס רוסלאַנד אָהן שום פעדעראַ־טיווע המצאות, וועלן זיי פאַרבּייטן אין אוקראַינע די דייטשן, אים געבּן דעם ממשותדיגן מיליטערישן כח, וואָס אים פעלט, און אים אָפּהיטן פון אַלע באָלשעוויסטישע און פעטלורישע אָנשיקענישן. און אַז זיי קאָנען דאָס טון, ווער וועט דערין מסופק זיין? אַזאַ מין אַנטאַנטע ווי נאָזדריאָוו און כלעסטאַקאָוו קאָנען דאָך ווי באַוואוסט בפירוש אַלצדינג...

און דערווייל, ווי מען האָט זיך דאָ מתעסק געווען מיטן העטמאַן און געלערנט אונזער הילצערן פערד שטעלן טריט אויף דער נייער גרויס־רוסיש פּאַטריאָטישער אַרע־נע, האָט די פרייוויליגע שוואַרץ־ווייסע חברה גענומען אַרבּעטן אויף אַלע כלים און זיך צעגאָסן איבּער דער שטאָט. סע זיינען מיט אַמאָל אַרויסגעשפּרונגען, נישט געשטויגן און נישט געפלויגן, קאָמאַנדירן און פאָרשטייער פון „אַרמייען“ — וואָראָניעזשער דרום־אַרמיי, פּסקאָווער צפון־אַרמיי, אַסטראַכאַנער אַרמיי און סתם פרייוויליגע אַרמיי — סע האָבּן זיך גענומען ווירמען און פּרוכפּערן גרופּעס פון אָפיצערן אויף אָפּהיטן קיעוו, פרייוויליגע שמירה־דרוזשינעס, וואָס האָבּן זיך דערקלערט פאַר טיילן

פון אַלע די ראַיאָנע אַרמייען. ווי שווערמלאַך נאָך אַ רעגן זיינען אויסגעוואַקסן ביוראָס אויף רעגיסטרירן אָפּיצערן און דרושינניקעס. זיי האָבן זיך צעשפּרייט איבער גאָר דער שטאָט, געפּראַוועט רעקלאַמע, געבלאָפט אויף וואָס די וועלט שטייט, קאָנקורירט און אָפּגערעדט קליענטן איינער ביי דעם אַנדערן, און דער עיקר — גענומען באַרייסן דעם עולם, דעם לייטענעם גולם... ס'איז אַוועק אַ מסחר, אַז די גרעסטע ספּעקולאַנטן וואָלטן זיי באמת געמעגט מקנא זיין. נאָר מסחר — מסחר, אָבער כּדי ער זאָל זיך איינגעבן, דאַרף מען מאַכן אַ בּום און צוגרייטן אויפן געהעריגן אופן די געזעלשאַפטליכע מיינונג. און דאָ האָט מען זיך דערמאָנט אָן אַ אויסגעפּרובט רייטשיש מיטל, אין די פּריצישע „כלעבאָראָבן", אונזערע גוטע און אַלטע באַקאַנטע, וואָס האָבן אמת בשעתם, קרוינענ־דיג דעם העטמאַן, געווינדיגט אין רייטשמערישער סאַמאָ־סטינאָסט, נאָר ווער ווייס, צי זיינען דען די שערי תשובה ניט אָפן?

## הפה שאסר... הוא הפה שהתיר

די כלעבאָראָבן האָבן באַשאַפן די אוקראַינער העטמאַנשטשינע, אפשר קאָנען זיי אַצינדערט צוגרייטן די שוואַרץ־מאהריגע רעניקינשטשינע?

מיט גרוים פּאַראַד קומען זיך ווידער אַמאָל צונויף די אוקראַינער „ברויט־פּאַרואָרגער", די גרויסע און קליינע כלעבאָראָבן. און אָ, נסים ונפלאות! אויף דער טריבונע באַווייזן זיך די אַלטע העלדן פון דער צאַרישער שוואַרצער מאה, וולאַדימיר מיטראָפאַנאָוויטש פּורישקעוויטש, מיטראָפּאָליט אַנטאָני, דער פּעטערבורגער פּראָקוראָר נענאַראָקאָמאָוו

וכרומה אַווינע פּאַרשוינען — אַן אמתער תחית המתים.
צי דאַרף מען נאָך בעסערע סמנים, אַז רוסלאַנד לעבט
אויף און אַז די גאולה איז שוין גאָר ניט ווייט?...

און מען באַגעגנט זיי מיט אָוואַציעס, מען מאַכט זיי
הנדלאַך, מען גלעט און לאַשטשעט פּורישקעוויטשן,
רופנדיג אים מיטן נאָמען און פּאָטערס נאָמען —
וולאַדימיר מיטראָפּאַנאָוויטש! מיט איין וואָרט, ס'איז,
ווייזט אויס, זיך צונויפגעקומען אַ היימישע קאָמפּאַניע
און מען שטעלט שוין דעם טראָפּ אויף די באַוואוסטע דריי
ווילן פון אַמאָליגן רעושים: פּראַוואָסלאַוויע, זעלבסט־
הערשונג און פאָלקסטימליכקייט און אויף די גרויסע פּריצים,
וואָרום סע שמעקט אין דער לופטן מיט רעניקינשטשינע,
וואָס האָט אַ שוואַכקייט צו כל המינים „גרויסקייט": גרויס
רוסלאַנד, גרויסע מאַיאָנטקעס, שוין אָפּגערעדט וועגן
גרויסע אַרמייען.

און די אוקראַינער „כלעבאָראָבן" פּאַטשן בראַוואָ,
ווינטשעווען מזל טוב, ווינען קאַזאַקיש־דאָניש־רעניקיניש־
פּאַטריאָטיש געשטימט, פאַלן אַריין אין התפּעלות און
התלהבות, אַז מען דערמאָנט נאָר דעם נאָמען קראַסנאָוו,
רעניקין און דאָן בלא ראיה. אַזוי ווי פריהער מיטן העט־
מאַן, מאַכן זיי אַצינדערט דעם גייעם געשעפט מיט דעם
שוואַרץ־מאהדיגן רוסלאַנד, מיט דער יעדינאַיאַ ניערע־
לימאַיאַ, און געבן אָן אין גרן דעם העטמאַן מיטן דניעפּר
מיט דער סאַמאָסטינער אוקראַינע, — אַבי נאָר קומט
ראַטעווען פון סכנה, פון באָלשעוויסטיש־פּעטלורישע
הענט, ווייערע מאַיאָנטקעס און שיקט חיל אויף צו פאַר־
בייטן דעם רייטש, וואָס גייט בעונותינו הרבים אַוועק
פון אוקראַינע... נאָר ווי באַלד סע רעדט זיך וועגן חיל,
טאָ לאָזט שוין מיך, זאָגט דער האָבראָוואָלעץ נאָזדריאָוו,

און ער ווייסט שוין איינמאָל באַוויזן דער וועלט, וואָס ער קאָן.

## דער מסחר בליהט

די פאַרשיידענע ביוראָס פון די פאַרשיידענע פרייוויליגע דרוזשינעס האָבן זיך שטאַרק גענומען צו דער אַרבעט. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די העכערע נאַטשאַלסטוואָ האָט זיך געמוזט אַריינמישן אין דער וואַקכאַנאַליע און אַביסל איינצוימען די אַפּעטיטן.

אַזוי קלאָגט זיך אַ פּאָלקאָווניק פון דער פרייוויליגער אַרמיי:

„אין קיעוו זיינען פאַראַן צענדליגער ביוראָס, וואָס רעגיסטרירן אָפיצערן, קאָנקורירן איינער מיט דעם אַנדערן, צאָלן פאַרשיידענע שכירות און רייסן אָפּ די אָפיצערן איינער ביי דעם צווייטן".

ווי ס'ווייזט אויס, האָט זיך אויף דעם סמך אַנטוויקלט אַ שטאַרקע ספּעקולאַציע, און די ביוראָ, וואָס איז געווען פלינקער פון אַן אַנדערער, וואָס האָט מער רעקלאַמירט און מער געריסן מאָגייטן ביי דעם עולם, האָט אייך מער אָפיצערן אויפן פּאַפּיר געקאָנט פאַררעגיסטרירן. סוף כל סוף האָט דער העטמאַנישער הויפּט־קאָמאַנדיר געמוזט איינגאַנצן פאַרווערן די טעטיגקייט פון די ביוראָס און דאָס פרייוויליגע פאָרמירן פון פרייוויליגע דרוזשינעס. „אָהן אַ שריפטליכער דערלויבעניש פונם הויפּט־קאָמאַנדיר טאָרן נישט פאָרמירט ווערן קיין שום מיליטערישע טיילן פון דער פרייוויליגער אַרמיי", אָט אַזוי שטרייננג לאָזט זיך הערן אַ באַפעל פון דער מיליטערישער מאַכט. נאָר ניט אַזוי גרינג האָט זיך איר דאָס איינגעגעבן. מען האָט געפּרובט פאַראייניגן די כל המינים

ביוראָס און איין ביוראָ, נאָר ס'האָט ווייניג וואָס געהאָלפן. והא ראיה, מען האָט געמוזט דעם באַפעל עטלי־כע מאָל איבערחזרן...

דערווייל האָט נאָזדריאָוו געפונען טויזנטער וועגן, ווי געלט צו מאָביליזירן. אין כאַרקאָוו האָט דער נאַטשאַלניק פון דער גובערניע שירלאָווסקי פאָרגעלעגט די פאָר־שטייער פון די ביינק און פון די אָרגאַניזאַציעס פאַר האַנדל און אינדוסטריע צונויפקלייבן פון דער רייכער באַפעלקערונג אַן אָפּצאָל פון פינף מיליאָן רובל לטובת דער פרייוויליגער אַרמיי; אין קיעוו זיינען פאָרגעקומען וועגן דעם אייגענעם ענין באַראָטונגען צווישן סוחרים און פאַבריקאַנטן, וואָס זיינען אָרגאַניזירט אין די פאַראיינען „פּראָטאָפּיס" און „סואָזיף", און מען האָט ניט געוושאַ־לעוועט קיין מיטלען. קומט עפּעס אַ פאָרשטייער פון דער אַסטראַכאַנער אַרמיי און קלאָגט זיך: די אַרמיי איז נאַקעט און באָרוועס, ניטאָ קיין וועש, ניטאָ קיין מלחמה־מכשירים (אויב אַזוי, טאָ וואו איז די אַרמיי?), בכן שיקט אונז אַלצדינג צו פון אוקראַינע. און די רעגירונג פוילט זיך ניט און אַסיגנירט בתורת הלואה דרייסיג מיליאָן רובל. קומט גורקאָ, אַ מיטגליד פון מלוכה־פאַרבאַנד, וואָס שטיצט די פּאָליטיק פון דעניקינען, און זאָגט אויס אַ סוד פון חדר: אין דער פרייוויליגער אַרמיי פעלט אויס אַמוניציע און ווי אַ נצרך, פאַרשטייט איר שוין אַליין... אוקראַינע איז דאָך אַ רייך לאַנד...

כאַראַקטעריסטיש ביז גאָר איז די אַרבעט פון דער „דרום־אַרמיי". זי באַווייזט זיך אין קיעוו מיט קולי־קולות. אמת, ניט זי אַליין, וואָרום זי געפינט זיך ערגעץ אין וואָראָניעזשער גובערניע, נאָר דערפאַר האָבן מיר דעם כבוד זיך צו באַקענען מיט אירע פאָרשטייערס, טרומייטערס, אינפאָרמאַטאָרס, ביוראָס, קאָנטר־שפּיאָ־

נאַוש־אָרגאַניזאַציעס, הקיצור, מיט גאָר דעם קלאַפּער־געצייג, וואָס איז נויטיג אויף מאָבּיליזירן מעות און פאַרפירן אַ מסחר.

קודם כל באַשאַפט זי צוויי דרוזשינעס אויף אָפּצוהיטן קיעוו (ווער האָט זיי געבעטן, אַז מיר האָבּן שוין פון פריהער געהאַט צוויי פּריווילינגע אָפיצערן־דרוזשינעס? נאָר אויף אַ מעשה פרעגט מען קיין קשיות ניט!). און מען הויבּט אָן קלינגען אין גלאָק: „געוואַלד, גיט געלט, די דרום־אַרמיי האָט נישט קיין מיטלען און דאָס פאָטער־לאַנד איז אין סכּנה". כּדי גרעסער צו מאַכן דעם בּום און צעוואַרעמען דעם עולם, דערציילט מען נסים ונפלאות וועגן אייגענע העלדישע אויפטועכצן ערגעץ וואו (און גיי קאָנטראָליר זיי!) און מען לאָזט דאָ אין קיעוו דער־וויל ארויס אַ קנאַקנדיגן אויפרוף, וואָס ס'איז אים כּדאי צו פאַרצייכענען אַפילו אין דער אויסטערליש־קאָלירטער ביאָגראַפיע פונם דאָבּראָוואָלעץ נאָזדריאָוו.

„רוסישע לייט! מ'דאַרף וואָס גיכער, אָט תיכּף ומיד, נישט אָנווערנדיג קיין איין טאָג, קיין איין מינוט (נאָזדריאָוו האָט קיין געדולד נישט!), זיך נעמען צו דער אַרבּעט אויף אויפשטעלן רוסלאַנד און אַרויפזעצן אויפן טראָן אַ לעגיטימען צאַר, וואָרום אַצינד איז שוין קלאָר פאַר אַלעמען, אַז אָהן אַ צאַר איז קיין רוסלאַנד ניטאָ. מ'דאַרף זיך צואַיילן, מ'טאָר נישט איבּערקלערן (נאָזדריאָוו האָט פיינט אַזוינע זאַכן בּיי זיינע קליענטן, ס'שאַדט צום מסחר!), מ'דאַרף טון! רוסלאַנד מוז און קאָן געראַטעוועט ווערן מיט רוסישע כּחות און רוסישע מיטלען. אָט אַזאַ מין מיליטערישער כּח קלייבּט זיך אַצינדערט צונויף אין דרום־טייל פון וואָראָניעזשער גו־בּערניע און הייסן הייסט ער „דרום־אַרמיי" (ווי בּאַלד שוין יאָ זיך אַריינגעלאָזט אין אַ פּאָעטישן אויפרוף

אין אַזוינע פּראָזאַאישע פּרטים, טאָ האָט מען דעם אַדרעס געמענט געגויער אויסשרייבן!). אָט די ראָזיגע אַרמיי (נישט מער און נישט ווייניגער!) שטעלט מיט זיך פאָר צוזאַמען מיט דער ראָנער, אוראַלער, אָרענבורגער, אַסטראַכאַנער, פּריווויליגער, סיבירער (אַך, וויפיל אַר־מייען!) אַן אויפלעבנריגע איינהייטליכע רוסישע אַרמיי"...

„רוסישע לייט! שרייט אויס די ביוראָ פון דער דרום־אַרמיי — ראַטעוועט אייער פּאַטערלאַנד, טראָגט אַריין אין דער קאַסע פון דער אַרמיי וואָס גיכער (דער עיקר וואָס גיכער, ווארום שפּעטער קאָן שוין זיין צו שפּעט!) דאָס געלט, וואָס דאָס פּאַטערלאַנד(!) האָט נויטיג, טראָגט די מאָנייטן וואָס גיכער און וואָס מער (אַזוינע זאַכן איז כדאַי איבערצוחזרן, ווארום מען קאָן נאָך חלילה פאַרגעסן, אַ חוץ דעם, גיט דאָס אַ פאַרשטעלונג פון די אַפּעטיטן, קיין עין הרע זאָל זיי ניט פאַרשאַטן!), און דענסטמאָל (אָ דענסטמאָל!) וועט נאָך קוזמאַ מינין און די בעלי־טובות פון ניזשני נאָווגאָראָד זיך באַווייזן אַ יורש פון חיל־פירער קניאַז פּאָזשאַרסקי (מיר, זאָגט די ביוראָ פון דער דרום־אַרמיי, ווי די אָרגאַניזאַטאָרן פון דעם עסק, הייסן שוין זיין נאָמען!... הייסט עס, אַז פאַר אונז פּשוטע בשר ודם גרייט מען דאָ אַ סורפּריז!). אָט ער וועט דאָס נאָך אַמאָל פירן די רוסישע אַרמיי צו באַפרייען מאָסקווע. און ביי די פרייד־אויסגעשרייען פונם פאָלק און ביי דעם קלאַנג פון פער־ציג מאָל פערציג קלויסטערס וועט דער רוסישער צאַר אין קרעמל אַריינפאָרן, און רוסלאַנד וועט באַקומען דעם אמתן שלום, די אמתע פרייהייט און דעם אמתן פאָלקס־גליק".

מען דאַרף לייענען דעם אויפרוף אין רוסישן אָריגי־נאַל, כדי הנאה צו האָבן פון סטיל און דערוועקן באַ־

שײמפּערליך די „היסטאָרישע" פיגור פון נאָזדריאָוו מיט אַלע אירע פּיטשטשעווקעס. יאָ, אָט דאָס איז ער דער רוסישער טאַרטאַרען פון טאַראַסקאָן, וואָס פאַרשטײט אַזוי גוט צו טאַראַטאָרן, אָט דאָס איז ער דער פאַרשוין פון „היסטאָריעס", מיט אײן חלוק: דער פאַנפאַראָן, די שוואַרץ־מאההדיגע עזות און באַרימערײ זײנען אין אים גרעסער, ער איז מער בלוט־ און געלט־דאָרשטיג, דער עיקר, געלט־דאָרשטיג — געלט! געלט! שרײט אַרויס פון אַלע זײנע אברים, דאָס איז דער גוף און דאָס איז די נשמה, דאָס איז דער מיטל און דאָס איז דער צוועק, דאָס איז פאַר אַלצדינג און נאָך אַלצדינג.

אָט אַזוי האָט אויסגעזעהן די „דרום־אַרמײ", וואו סע האָבן געוועלטיגט, לויט ווי די בלעטער האָבן געשריבן, שטרײנגע, מאָנאַרכישע „איבערצײגונגען". זי האָט די ערשטע אָנגעהויבן פאַרשפּרײטן אין קיעוו דעם צעפּײלטן אויר פון ראָסטאָוו, וואו ס'האָבן זיך רענסטמאָל קאָנצענטרירט די שירײם פון צאַרישן רעזשים. און אויף איר איז אויך אויסגעפאַלן דער גורל די ערשטע אין קיעוו פונאַנדערצוּוויקלען די פאָן פון אַנטיבאָלשעוויזם־אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט שפּעטער, ווי אַ נײער תירוץ אויף פּאָגראָמען, אָפּגעקאָסט אוקראַינער ייִדן נישט ווײניג קרבנות. די דרום־אַרמײ האָט באַוויזן אין די בהלה־טעג פון נאָוועמבער פאַרשפּרײטן אַ פּראָקלאַמאַציע קעגן סאָציאַליזם און באָלשעוויזם מיט דער פּאָגראָם־אידעאָלאָגיע פון רוסישן „לובאָק". און כדי ס'זאָל ניט פעלן אַ שטריך פונם בילד, וועלן מיר באַוויזן דעם לעזער אײניגע „בליצן" פון איר „גערא‌נק" און עטליכע פּערל פון איר סטיל.

אַ שטים צום רוסישן פאָלק!

אָטאָ זיי די ושירעס: בראָנשטיין (טראָצקי), נאַכאַמ־קעס (סטעקלאָוו), צעדערבוים (מאַרטאָוו), ראָזענפעלד (קאַמענעוו), קאַץ (קאַמקאָוו), אַפּפעלבוים (זינאָוויעוו), זילבערשטיין (באָגדאַנאָוו), גאָלדמאַן (גאָרעוו), קירבים (קערענסקי), גאָלדענבערג (מעשקאָווסקי), גאָלדשטיין (סאָלנצעוו), ליבערמאַן (טשערנאָוו), גאָלדפאַרב (פּאַרוואוס), פיינשטיין (זוועזדיטש) — אָטאָ זיי אַלע האָבן נישט נויטיג, ניט רוסלאַנד, ניט דעם גליק פון רוסישן פאָלק! זיי קלערן נאָר און פלייסן זיך מאַכן אַ תל פון רוסלאַנד און אָפּשוואַכן דאָס רוסישע פאָלק אין גולה און שנאָה פון איינעם צום צווייטן!... ווער סע וויל זיי נישט דערלאָזן חרוב מאַכן רוסלאַנד, יענע זיינען זייערע שונאים; און ווער עס העלפט זיי אין זייער טייוולאָנישער אַרבעט, אָט יענע זיינען זייערע פריינט, און זייער פריינט איז געוואָרן דאָס פינסטער עם הארציש פאָלק, מיט אַלע קאַטאָרושניקעס און פאַרברעכער, וואָס מע האָט זיי באַפרייט פון די טורמעס, פאַרשיידענע אַפעריסטן, וואָס ווילן לעבן אַ גוטן טאָג אויפן פרעמדן חשבון...

...זיי האָבן נישט נאָר דעם גוף חרוב געמאַכט, אָט די אַלע מינים בראָנשטיינס, נאַכאַמקעסעס, אַפּפעלבוימס און זילבערשטיינס, זיי האָבן אויך פון דער נשמה נישט איבערגעלאָזט. זיי האָבן אויסגעלערנט דאָס פאָלק ראַבעווען, גזלנען, אַרומגיין ליידיג און לעבן אויפן פרעמדן חשבון, זיי האָבן אויסגעלערנט שלאָגן די גלחים, אַראָפּנעמען איקאָנעס, די צלמים פון לייב, זיי האָבן אָבער נישט אויסגעלערנט האָרעווען ערליך און גוט אַרבעטן. קום צו זיך, רוסיש פאָלק! קומט צו זיך איר אַלע, וואָס איר האָרעוועט אין לאַנד, אַרבעטער פון די

פאַבריקן! קומט צו זיך אויך איר, אינטעליגענטע אַוואַנ־טיוריסטן, וואָס איר שפּילט מיט די חיה־אינסטינקטן פון דער פינסטערער מאַסע! שוין גענוג הנאָה פאַר־שאַפן דעם טייוול, גענוג חרוב מאַכן דאָס אייגענע לאַנד און פאַרקויפן עס צו די ושירעס און צו פאַרשיידענע רמאים, וואָס רופן זיך אָן סאָציאַליסטן... קום צו זיך, רוסיש פראַוואָסלאַוויש פאָלק! דערמאָן זיך אָן דיין עבר, דיין האָרעוואַניע אויף אויפשטעלן אַ גרויס רוסלאַנד; דערמאָן זיך אָן דיין געשיכטע, דיין גלויבן, דיין גאָט, האָב רחמנות אויף דיין פאָטערלאַנד, האָב רחמנות אויף זיך אַליין. פאַרקויף ניט רוסלאַנד צו די ושירעס, צו קאַווקאַזישע עמיגראַנטן און צו דער גאַנצער ווילדער באַנדע פון לענין און פון בראָנשטיין! וואַרף פון זיך אַראָפּ דעם יאָך פון די ושירעס און פון אַלע יענע לייט, וואָס זיינען געשטעלט פון זיי — פון די רוסישע קאַ־טאָרזשניקעס, קאַווקאַזישע אַפּעריסטן, אוקראַאינער סאַ־מאָסטיניקעס, וואָס זיינען גערונגען פון עסטרייך!...

„דרום־ארמיי, 24-טער נאָוועמבער 1918“

נישט אומזיסט האָבן זיך צוזאַמען מיט דער „אַרבעט“ פון די פרייוויליגע גענומען פאַרשפּרייטן קלאַנגען וועגן הכנות צו אַ פּאָגראָם אויף יידן, ניט אומזיסט האָט דער הויפּט־קאָמאַנדיר נעמווזט שרייבן לפּנימדיגע הכחשות און באַרוהיגן דעם עולם... נאָר דאָס מאָל האָבן די „פרייוויליגע“ נישט באַוויזן עפּעס אויפטון אין דעם פרט, וואָרום נאָך אַלעמען איז מען געווען אַ פּנים חרשות אינם דענסטמאָלינגן קיעוו. חוץ דעם, איז צייט און מענטשן געווען וויינינ, די איבעריגע מיליטערישע התחיבותן פלעגן אָפּנעמען אַ סך ענערגיע... דער קוואַל

פון פּאָגראָם־פּרנסה האָט זיך באַראַפּט עפּעטן פּאַר די ראָבראָזאָלצעס ערשט שפּעטער, אין אַ יאָר אַרום...

ווי ס'ווייזט אויס, האָט זיך די דרום־אַרמיי מיט קול־קוראס צו דער באַפעלקערונג ניט באַגנוגנט און האָט אָנגענומען מער ממשותדיגע מיטלען אויף צו באַקומען געלט, וואָרום צוריק גערעדט, צוליב וואָס אין דער אמתן האָט עקסיסטירט דענכסטמאָל אויף דער וועלט אַזאַ רייכע מומע ווי „פּראָטאָפּיס"? און מיר געפינען טאַקע באַלד אַ ידיעה אין די בלעטער וועגן אַ פּרוב פון דער דרום־אַרמיי צו „רעאַליזירן" דעם אָקאָרשט געמאַכטן בום.

„די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער דרום־אַרמיי", שרייבט די פּרעסע, „זיינען אַריין אין משאָ ומתּן מיט איינציגע פינאַנציעלע אונטערנעמונגען, בכדי צו העלפן די גרופּעס, וואָס זיי פאַרמירן"...

חוץ די ראָזיגע, מער אָדער ווייניגער לעגאַלע וועגן פון מסחר, האָבן אָבער די בלעטרליי פּריוויליגע „אַרמייען" געפירט אויך אומלעגאַלן מסחר. און צו דעם צוועק האָבן געדינט די קרעמלאַך פון קאָנטר־שפּיאָנאַזש.

מיט יעדן טאָג איז די אַלגעמיינע לאַגע אין לאַנד געוואָרן אָנגעשטרענגטער. סמנים פון פאָלק־אומרוהען האָבן זיך געמערט. צוליב די אויפשטאַנדן אין די דערפער, האָט קיין רעגלמעסיגע באַן־באַוועגונג שוין נישט געקאָנט מער פאָרקומען, און די פאַרבינדונג פון קיעוו מיט דער פּראָווינץ איז איבערגעריסן געוואָרן. אויף אַזאַ מין אופן איז דער שטח פונם העטמאַנס ממשלה וואָס פון טאָג אַלץ קלענער געוואָרן. און ער האָט זיך גע־פלייסט פאַרבאַהאַלטן דעם ראָזיגן ממשותדיגן אָנוועער הינטער אַן אילוזיע פון שטרענגע תּקנות. דעם 7־טן נאָוועמבער ווערט דערקלערט קריגז־צושטאַנד אין יעקאַ־טערינאָסלאַווער, כערסאָנער, פּאָראָלער און טייל טאַוו־

רישער גובערניעס. דעם 10־טן ווערט דאָס אייגענע איבערגעהורט לגבי קיעווער, פּאָלטאַווער און טשערניגאָווער גובערניעס. און בעת די העטמאַנישע מלוכה איז סוף כּל סוף פאַרשפּאַרט געוואָרן אין די ד׳ אמות פון קיעוו, האָט דער העטמאַן — דעם 18־טן נאָוועמבער — די גאַנצע טעריטאָריע פון אוקראַינע דערקלערט פאַר אַ מלחמה־פּלאַץ. וואָס ווייניגער אמתער כּח — אַלץ מער מאַכט־דעקאָראַציע באַווייזן פאַר לייטן.

און אָט אין דער דאָזיגער שווערער פּאָליטישער אַטמאָספער האָבן די „פּרייוויליגע" דערשמעקט אַ שעת־הכּושר און גענוג ברודנע וואַסער אויף צו כאַפּן פיש און פאַרפירן גאָר אַ שפּאָגל נייעם מסחר. כּלערליי פּרייוויליגע אָרגאַניזאַציעס האָבן באַשאַפן אַפּאַראַטן פון קאָנטר־שפּיאָנאַזש און מען האָט אָנגעהויבן זוכן אין די הייזער, כאַפּן אין די גאַסן, נישטערן צווישן עולם, צי ס׳איז ניט פאַראַן ערגעץ אַ פּאָליטישע אָריענטאַציע, וואָס איז עובר אויף דער אָפיציעלער מצוה. און אַזוי דער קוק פון דער הערשנדיגער מאַכט אַליין אויף אַלע פּאָליטישע טאָג־פּראַגן איז געווען שטאַרק מטושטש, אַזוי ווי סע האָבן זיך אַפילו אין דעם אָפיציעלן אַני מאמין מוראָדיג פאַרפּלאָנטערט אוקראַינער „סאַמאָסטינאָסט" מיט גרויס־רוסלענדישן פּאַטריאָטיזם, צאַריש־העטמאַנישע ראָמאַנטיק מיט כלעבאָראָבישן דעמאָקראַטיזם, טאָ קאָן מען זיך שוין לייכט פאָרשטעלן, וואָסער אַ מין תּהו ובהו ס׳האָט געוועלטיגט אין די קעפּ פון אָפיציערישן קאָנטר־שפּיאָנאַזש, און מיט וואָסערע דירעקטיוון די דאָזיגע העלדן פלעגן דאָס זוכן אין די הייזער און כאַפּן אַרעסטן. אין תּוך אָבער האָט די פּאָליטישע אָריענטאַציע ווייניג וואָס פאַראינטערעסירט די דאָזיגע קנאים פונם אויפלעבנדיגן רוסלאַנד, און די סמנים פון קראַמאָלע

פּלענען זיי באַשטימען פּשוט און קלאָר: לויטן סכום נאַר געלט און לויט דער וואַלוטע. אָט די דאָזיגע שפּאָגל נייע פּרנסות פון אונזערע כּלערליי פּאָליטישע און מיליטערישע אַפּטרופּסים האָבן סוף כּל סוף אויפגערור־ דערט אַפילו די זעהר גערולדיגע קיעווער געזעלשאַפט, און די העכערע מאַכט איז געצוואונגען געווען זיך אַריינ־ צומישן. אין אַ באַפעל פון 21־טן נאָוועמבער קלאָגט זיך דער הויפּט־קאָמאַנדיר איבער אַלע באַוואָפנטע כּחות פון אוקראַינע:

„סע זיינען צו מיר דערגאַנגען ידיעות, אַז די אָפיצערן פון די אָפּטיילונגען פאַר קאָנטר־שפּיאָנאַזש, וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן פון די פאַרשיידענע פרייוויליגע גרור־ פּעס, זוכן אין די הייזער און מאַכן אַרעסטן. איך געפין, אַז דאָס קאָן נישט דערלאָזט ווערן, וואָרום עס שאַדט דער זאַך און רוהערט נאָר אומזיסט און אומנישט אויף די געזעלשאַפט. בכן, פאַרווער איך אויף ווייטער אַזוינע אומגעזעצליכע מעשים א. אַ. וו.“

נאָר ווייזט אויס, אַז די אָפיצערן האָבן וועגן דער „זאַך“ געהאַט גאָר אַן אַנדערע פאָרשטעלונג, איידער זייער הויפּט־קאָמאַנדיר, און זיי האָבן זיך, ניט קוקנדיג אויף די באַפעלן, געטאָן זייערס.

## וואָס פלעגן טון די „פרייוויליגע“ אָפיצערן?

דאָס קאָנען מיר לייכט דערגיין פונם הויפּט־קאָמאַנ־ דירס באַפעלן. אַזוי ווי דער אמתער צוועק פון די „פריי־ וויליגע“ פאָרמירונגען פלעגט דערגרייכט ווערן מיט דער פּשוטער רעגיסטראַציע און מיטן באַקומען די שכירות, האָבן די אָפיצערן זיך באַנוגנט מיט די דאָזיגע מילי־

טערישע „פּליכטן" און פּלעגן זיך מיט תּירוצים אַרויס־דרייען פון ווייטערדיגע התחיבותן. צוליב דעם האָט מען ברייט אויסגענוצט די פאַרפּלאָנטערטע לאַגע אין אוקראַינע, וואָס האָט מטושטש געמאַכט די קאַמף־צילן. אָט אויף דעם קלאָגט זיך דער הויפּט־קאָמאַנדיר אין איינעם פון זיינע באַפעלן:

„צו מיר זיינען דערגאַנגען ידיעות, אַז געוויסע אָפּי־צערן און אונטעראָפיצערן, וואָס רעכענען זיך אין די טיילן פון דער פרייוויליגער אַרמיי, זאָגן זיך פונדעסט־וועגן אָפּ צו קעמפן קעגן דעם איצטיגן אויפשטאַנד (פון פּעטליורעס פּויערים), זיי האָבן ברעה, זאָגן זיי, שטרייטן קעגן די באָלשעוויקעס, אָבער ניט קעגן אומרוהען אין אוקראַינע. בכן בין איך מתרה, אַז אַצינד ווערט אויפ־געשטעלט אַן איינציג רוסלאַנד, אַז אַלע אַרמייען פון דרום און פון צפון, ראָנער, אַסטראַכאַנער און די סתּם פרייוויליגע שטרעבן צו דעם איינענעם ציל צוזאַמען מיט דעם אוקראַינער חיל, און אַז ווער ס'וועט אַרבעטן קעגן דער ראָזינגער אַחרות פון רוסלאַנד, וועט פאַררעכנט ווערן פאַר אַן אינעווייניגסטן שונא א. אַז. וו".

נאָר קנאַפּ תּירוצים פאַראַן אויף דער וועלט? די והותר, און דערין קאָן אונז איבערצייגן אַן אַנדער באַ־פעל פון 29־טן נאָוועמבער.

„אין שטאָט באַנגנט מען אַפילו אין מיליטערישער רינסט־צייט פּיל ניט פאַרנומענע אָפיצערן. ווי ס'ווייזט אויס, געפינען זיך הינטערן פראָנט, אין די פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, אַ סך מער אָפיצערן, איידער ס'איז נויטיג פאַר דער אַרבעט. בכן א. אַז. וו."

נאָר אַצינד ווייסן מיר שוין, וואָס די אָפיצערן האָבן ניט געטאָן. ווילן מיר אָבער דערניין, וואָס די „פריי־

ווילינגע" האָבן יאָ געטאָן, איז דאָס אויך ניט שווער, מען דאַרף נאָר אַ זוך טון אין אַנדערע אָפּיציעלע באַפעלן.

## די „פּרייווילינגע" נישטערן קראַמאָלע

„אַ חוץ די אינסטיטוטן פאַר פּאָליטישן אויספאָרשן, וואָס זיינען פאַראַן אין אוקראַאינער מיניסטעריום פאַר אינעווייניגסטע ענינים, האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרויסע צאָל אויספאָרשער־אַפּאַראַטן אונטער דעם נאָמען פון אָרגאַניזאַציעס פאַר קאָנטר־שפּיאָנאַזש ביי די פאַר־שיידענע פרייווילינגע פאָרמירונגען און ביי די רעגיסטראַ־ציע־ביוראָס, בעת ס'איז קלאָר, אַז זיי האָבן אויף דעם קיין שום רעכט ניט. אָט די דאָזיגע אָרגאַניזאַציעס פאַר קאָנטר־שפּיאָנאַזש פאַרנעמען זיך מיט פּאָליטישן אויס־פאָרשן, נישטערן אין די הייזער, מאַכן אַרעסטן און נעמען אָפּ זעהר פיל אָפּיצערן פון דער דיר־רעקטער מיליטערישער אַרבעט. (באַפעל 7)".

וויזט אויס, דער הויפּט־קאָמאַנדיר האָט פאַרגעסן וועגן די באַזונדערע מעלות פאַר דער „זאַך", וואָס די אומדירעקטע אַרבעט האָט לגבי די דירעקטע מיליטער־רישע התחיבותן. דער שכר פון אומדירעקטן קאָנטר־שפּיאָנאַזש האָט מן הכּתם געמוזט איבערוועגן דעם גאַנצן אָנזער פון דער דירעקטער אַרבעט אויף די פּאָזיציעס.

## די „פּרייווילינגע" ראַבעוועון

„מיט אַן אויסרייד פון פלומרשטער רעקוויזיציע האָט מען אין שטאָט אָנגעהויבן פאַרכאַפּן דירות און גלאַט ראַבעווען... בכן בין איך מתרה, אַז אַלע פאַרשוינען,

וואָס װעלן קומען לשם רעקוויזיציע, װעלן פאַררעכנט װערן פאַר פּשוטע אָנפליהענדיגע רױבער, ניט קוקנדיג אויף די פאָרמעס, אין װעלכע זײ װעלן זײן אָנגעטאָן. (באַפעל № 48)".

## די „פּריװוילעגע" הוליען

תקנה פון קיעװער הױפּט־נאַטשאַלניק: „ניט קוקנדיג אויף די שװערע איבערלעבונגען פון דער איצטיגער אויסטערלישׁ אומרוהיגער צײט, הוליעט מען אין קיעװ און מען שפּילט אַזאַרט אין די קלובן א. אַז. װ.... בכן, בין איך מתרה אַלע יענע, װאָס װעלן עובר זײן אויף דער דאָזיגער תקנה, װאָסער ראַנג אין דינסט זײ זאָלן נישט פאַרנעמען, אַז מען װעט זײ באַשטראָפן מיט תפיסה א. אַז. װ."

## דער בלאָף

אין דער צײט, װען די קלענערע אָפיצערן זײנען געװען שטאַרק פאַרנומען מיט דער „אומדירעקטער" אַרבעט, װאָס מיר האָבן זי אָקאָרשט באַשריבן, איז דער בום, דער בלאָף אין די װאַקכאַנאַליע פון דער הױכער פּאָלי־טיק געװאַקסן, אַז ס'האָט געקאָנט רעם אָטעם פאַר־כאַפּן. מע האָט אַזױ שטאַרק ספּעקולירט מיט אַנטאַנ־טע־קאָנסולן און מיט דאָנער און דאַבראָװאָלער אַקציעס, אַז סעמאַדעני *) אַלײן האָט געקאָנט בלײבן הינטערשטע־ליג. די אַפּאָקריפישע פולמאַכטן פון גענעראַל רעניקין,

---

*) סעמאַדעני — אַ קאַפעהויז אין קיעװ, װאו ס'פלעגן זיך צונויפקומען די בירזשע-לײט.

וואָס האָבן אים איבערגעגעבן מעשה בלעסטאַקאָװ די אַוטאָר־רעכט אויף אַלע חילות און אַלע טעריטאָריעס פון רוסלאַנד — איצטיגע, געוועזענע, אָנקומענדיגע — זיינען פון די פּריוווילינע טאָג־העלדן אויסגענוצט געוואָרן אויפן בּרייטסטן אופן. מען האָט אָנגעהויבן שושקען צווישן זיך, אַז פון גענעראַל רעניקין איז אָנגעקומען בּסוד סורות אַ פּאַקעט מיט עפּעס אַן אולטימאַטיווער פאָדערונג צום העטמאַן: גיב זיך אונטער, ווער אַ „פּריוווילינער", אָדער אַראָפּ פון בּיינקל. אמת, די רעגירונג האָט געדרוקט הכחשות און האָט געפּרובט איינריידן דעם עולם, אַז דאָס טראָיאַניש פערדל האָט אַליין אַ גוף און אַ נשמה, און אַז די נייַע גרויס־רוסישע פּריוווילינע אָריענטאַציע פון דער רעגירונג איז אַ פּריוווילינער בּאַשלוס פונם העטמאַן ירום הודו אַליין. נאָר מען האָט וויניג געגלייבּט דער רעגירונג. די „פולמאַכטן" און דער „פּאַקעט" האָבן זיך געטאָן זייערס און צוגעגרייט אַ מין פּאַלאַץ־איבּערקערעניש, וואָס האָט איבּערגעגעבּן די ממשלה צו די „פּריוווילינע". ס'איז דערגאַנגען אַזוי וויט, אַז דער העטמאַן האָט זיך אַליין אָפּגעשמיסן, אין דעם פּרט אויך לויט בּאַוואוסטער אוקראַאינער טראַדיציע, און האָט, ווי אַ נאַרישער קיניג, צעטיילט די ירושה נאָך פאַרן לעבּן, זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע מיליטערישע און ציווילע פולמאַכטן און געמאַכט אַן אַלטן צאַרישן גענעראַל, דעם גראַף קעלער, פאַר אַ דיקטאַטאָר איבּער אוקראַאינע.

אמת, מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, אַזוי ווי דער בּלאָף מיט רעניקינס „פולמאַכטן" האָט זיך אַביסל צעזייט און פון דער פּריוווליג־קאַזאַקישער מיליטערישער הילף האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בּוידעם, האָט שוין דער העטמאַן

הרטה געהאַט אויף דעם גאַנצן עסק, האָט מיט זיין הילד־
צערנעם גוף אַ טרייסל געטאָן און אַראָפּגעוואָרפן דעם
גראַף, וואָס האָט שוין גאָר אומבּרחמנותדיג זיך גע־
זעצט אויף אים רייטן מיט די שפּאָרן אין די זייטן. נאָר
ראָס איז שוין געווען דער לעצטער צאַפּל פון אַ באַ־
שעפעניש. די סכנה איז שוין געווען גאָר נאָהענט.
די באַנען האָבן זיך אָפּגעשטעלט, די וואָקזאַלן זיינען
געשטאַנען פוסט, פאַרחלומט, וואָרום פעכלורע, ווע־
מען דער העטמאַן אַליין האָט באַפרייט פון טורמע, איז
געווען אַזאַ כפוי טובה, אַז ער האָט זיך געשטעלט אין
שפּיץ פון די פּויערים־באַנדעס און איז מיט גאָר זיין
חיל שוין געשטאַנען ביי קיעוו. די מינוטן זיינען געווען
געציילטע, מען האָט באַדאַרפט זאָרגן שוין נישט וועגן
„דער גאָרער אוקראַינע“, נאָר אַ טראַכט טון וועגן
דעם אייגענעם הויזגעזינד...

## אַ פריווילעגיע ודוי

אין דער לעצטער מינוט האָט דער העטמאַן זיך אַ
צווייט מאָל אָפּגעשמיסן, אָפּגעזאָגט זיך פון דער העט־
מאַנשאַפט און איז מיט דער הילף פון די דייטשן נעלם
געוואָרן פון קיעוו. דעם 15־טן דעצעמבער בעת פּעט־
לורעס חיל האָט פאַרנומען די שטאָט, איז אַ דעלע־
גאַציע פון פריווילעגיע אָפּיצערן צוגעקומען צו דער
שטאָט־דומע זיך מתודה זיין:
„מיט מיט אונז חטא, מיר האָבן היינט פאַרלאָזט
דעם פראָנט נאָך דעם, ווי מיר האָבן זיך דערוואוסט,
אַז די העכערע אָפּיצערן האָבן אונז איבערגעלאָזט אויף
הפקר“.
דער סוף האָט פּונקט געפּאַסט צום אָנהויב.

## II.

### אויגוסט — דעצעמבער 1919

„Лягу за царя, за Русь“
„כ׳גיי זיך איינשטעלן פאַרן צאַר, פאַר רוס“.

כמעט אַ גאַנץ יאָר צייט האָט דער ראָבראָוואָלען נאָדריאָוו פאַרנוצט אויף הכנות צו זיין צווייטן קומען קיין קיעוו. און אָט דעמסטמאָל האָט ער אָנגעפּלעקט אַלע זיינע באַהאַלטענע געראַנקען און פון די אָנצוהעדעניען אין דעם פאַריאָרגן פאַרשפּיל זיינען מיט אַמאָל געוואָרן קלאָרע דבורים, פון די נישט גאָר מוטיגע פּרובן — אַן עוותדיגע ווירקליכקייט. אַצינדערט איז שוין נאָדריאָוו געקומען מיט דעניקינס שווערד אין דער האַנט, אַ צונויפגעשטיקעוועטער פון דאָן און פון קובאַן, פון טערעק און טשעטשניאַ, און מיטגעבראַכט האָט ער מיט זיך אַ פרישע איבערגעשריבענע מאָנאַרכישע תורה, וואָס אין איר קרוין האָט פאַרשייט געבלישטשעט אַ שוואַרצער בריליאַנט, אַ בלוטיק־גלט־דאָרשטיגער אַנטיסעמיטיזם. און דעם „פריוווילינג“ בלאָפן, ראַבעווען און הוליען האָט זיך דערינבער אָנגעמערקט אַ באַשטימטע ריכטונג, און דעם „פריוווילינג“ קאָנצערט, און די שפירע טשעטשעניש־קאַזאַקישע קולות האָט זיך איבגעטיילט איינע אַ הויכע און אַ שאַרפע נאָטע: זשיד... און די דאָזיגע נאָטע האָט באַקומען אין קיעוו אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג, מען האָט זיך שטאַרק געגרייט צו איר, ס׳איז געווען אַ דראַמע, וואו דער עולם האָט מיטגעהאָלפן די אַקטיאָרן. און דער סביבה פון די קיעווער בעל־הביתלאַך, וואָס זיינען געווען צערייצט פון דער באָלשעוויסטישער ממשלה, האָט זיך די פריווויליגע שוואַרצע מאה דערפילט

גאָר היימיש, געשפּיזט זיך אין נחת פון זייער קליינ־קעפּלדיגקייט און אויסגענוצט אַלע אָרטיגע געפילן — שנאה, נקמה, אומצופרידנקייט — איך צו מאַכן אַ לעבן... „ושיר! כ׳גיי זיך איינשטעלן פאַרן צאַר, פאַר רוס“ — האָבן זיך געלאָזט הערן בייטאָג און ביינאַכט נאָדריאָהים שפּורע קולות אין אַלע קיעווער גאַסן, אין אַלע יידישע הייזער, ביי געלט־פאָדערונגען פון מאַנס־בלען, ביי שאַנד־פאָדערונגען פון פרויען. רעם פאָרעם, וואָס האָט זיך איבערגעריסן אין 1918, האָט מען ווידער צוגויפגעקניפּט אין 1919 און ווי אַ המשך פון פאַר־איאָרן לייענען מיר ווידער אין די אָפּיציעלע באַפעלן:

## די דעניקינצעס נישטערן אין די הייזער

„איך חזר נאָך אַמאָל איבער, כדי מען זאָל פאָלגן, אַז מיליטערישע טיילן מעגן זוכן אין די הייזער נאָר דער־מאָלט, ווען זיי האָבן פון מיר אַן אָרדער... גענעראַל מאַיאָר פּאַוולאָוו (קיעוולייאַנין № 68 )“.

## די דעניקינצעס שפּילן אַזאַרט

„ניט קוקנדיג אויפן באַפעל פונם קאָמאַנדיר איבער־דער פרייוויליגער אַרמיי, ווערט ווייטער געשפּילט אַזאַרט אין די קלובן און אַנדערע שיינע ערטער מיטן אויסקוק אויף דער לייכטגלויביגקייט פון דעם עולם, און סע מוז שטאַרק פאַרדריסן, וואָס דערינען נעמען אַן אָנטייל אָפיצערן. איך בין מהרה די הערן אָפיצערן א. אַז. וו... גענעראַל מאַיאָר פּאַוולאָוו“

## די דעניקינצעס הוליען

באַפעל פון שטאָט־קאָמענדאַנט: „סע קומען איבער־אַנגיים צו מיר ידיעות וועגן נישט־ניכטערן אויפפירן זיך פון אָפיצערן, וואָס שכורן אין די רעסטאָראַנען ביז 12 אַזייגער ביינאַכט. בכן... און אַזוי ווייטער (קיעווליאַנין 68 №)".

## די „פריוויליגע" האַנדלען מיט קאָנטר-שפּיאָנאַזש

דער ראָזינער אומלעגאַלער מסחר האָט זיך ביי די פריוויליגע פונאַנדערגעבליהט שוין אין די ערשטע טעג פון זייער קומען. דער מאָמענט איז געווען אַ גינ־סטיגער, אַז מען האָט קיין בעסערן גאָרנישט באַדאַרפט. אַצינדערט איז שוין לייכט געווען זיך אָריענטירן אין הלכות קראַמאָלע, און דער נוסח פאַר שפּיאָנאַזש איז געווען פשוט ביז גאָר: קאָמוניסטן־ייִדן. חוץ דעם, האָט די שטאָט קיעוו אַליין אָפּגעפרישט אירע בלוט־בלבול־טראַדיציעס און האָט מקבל פּנים געווען די פריי־ווילינגע מיט פריוויליגן שפּיאָנאַזש. דאָס קיעווער קליין מענשעלע, שטאַרק אויפגערודערט, האָט געזוכט נקמה, לויט זיינע קליינע השגות, קעגן די קאָמוניסטן. און ס'איז אַוועק אַ וואַקכאַנאַליע פון מסירות, אַ כאַפּעניש אין די גאַסן, אַז די מאַכט אַליין האָט געמוזט אַרויסגעבן אַ תקנה וועגן פאַלשע מסירות, וואָס סע לאָזט זיך אויס פון זיי אַ בוידעם.

„איך בין מתרה", לאָזט זיך שטריינג הערן די מאַכט, „אַז פאַר פאַלשע מסירות וועל איך לאָזן צום בית דין און די אַחריות וועט זיין גרויסע".

בכן, ביי אַזאַ מין קאָאָפּעראַציע איז ניטאָ וואָס זיך צו חרושן, אַז מאַטעריאַל און קליענטן האָבן ביי די

קאָנטר־שפּיאָנען נישט אויסגעפּעלט, און ס'איז אַוועק אַ רעגולערער מסחר, אַ סך מער אָרגאַניזירט, איידער ראָס ערשטע מאָל, מיט אָפענע רבּורים און פעסטע מקחים. אַלע האָבן געוואוסט, אַז ניט קוקנדיג אויף דער פּאָגראָם־ און נקמה־קאַמפּאַניע קענען ייִדן, וואָס ווערט געפירט אין „קיעוולייאַנין" און אין דער שוואַרץ־מאהריגער פּרעסע פון צווייטן גראַר, פאַרנעמט זיך פונדעסטוועגן דער קאָנטר־ שפּיאָנאַזש מער מיט ריני ממונות, ווי מיט ריני נפשות. צוליב דעם איז די פּאָפּולערקייט פון דער ראָזינגער „פּריי־ ווילינער אָרגאַניזאַציע" זעהר שטאַרק אויסגעוואַקסן. מיט אירע עסקים, אין וועלכע סע פלעגט אַריינגיין, חוץ פּשוטער מקח וממכּר, — טריפה פרייהייט פאַר כּשר געלט — אויך אויסטערליש עזותריגער שאַנטאַזש, האָט זיך סוף כּל סוף פאַראינטערעסירט די העכערע מאַכט.

באַפעל פון קאָמאַנדיר איבערן חיל פון קיעווער קאַנט: „אַזוי ווי די אַרבּעט פון דער אָרגאַניזאַציע פאַר קאָנטר־שפּיאָנאַזש שטימט נישט מיט דעם, וואָס מע באַראַרף טון, הייס איך אָפּזאָגן אַלע אָפיצערן, וואָס דינען אין דער ראָזיגער אָרגאַניזאַציע און לאָרן אַלע יענע צום בית דין, וואָס אויף זיי איז פאַראַן ראיות פון זייער אומגעזעצליכע מעשים". גענעראַל־לייטענאַנט דראַגאָמיראָוו (קיעוולייאַנין 44 №).

## די דעניקינצעס ראַבּעווען

באַפעל פון קאָמענדאַנט איבער דער שטאָט־שמירה: „אין די לעצטע פיר טעג (ערשטער ביז פערטער אָקטאָ־ בער) קומען אין שטאָט פאַר מאַסנהייז רויבערישע אָנ־ פאַלן. געפינענדיג, אַז אַזאַ מין צושטאַנד טאָר נישט דערלאָזט ווערן, ווייל ער שטימט לחלוטין נישט מיט

דער אידייע פון דער פרייוויליגער אַרמיי, באַפעל איך דער שמירה, אַז זי זאָל קעמפן מיט אַזוינע אומגעזעצליכע מעשים... אַלע, וואָס דינען אין דער פרייוויליגער אַרמיי, דאַרפן זיך האַלטן ביי דעם אַני מאמין פון אָרדענונג און געזעצליכקייט... איך וויל גלייבן, אַז די מיליטער־לייט וועלן זיך געפינען אויף דער הייך פון זייער מצב און וועלן קעמפן מיט אַלע פאַרברעכערישע אַרויסטרעטונגען, וואָס פאַרמאוסן דעם שיינעם נאָמען פון דער פריי־ווילינגער אַרמיי... פאָלקאָווניק ראָסינסקי".

אַ תמימות, בנאמנות, פון אַ קאָמאַנדיר, וואָס ווייסט ניט דעם אָרגאַניזאַציע־פּרינציפּ פון זיין חיל, די מצוה פון גנבה און גזלה. זיינען דאָך אין זאַך — די באַפעלן פון די גרויסע גענעראַלן, וואָס מען שרייבט זיי לפנים צוליב די ענגלישע מיסיעס, וואָס באַלייטן דעני־קינס מיליטער, און אַ צווייטע זאַך — דער לעבנס־שטייגער פון די קלענערע אָפיצערן און פון די נאָך קלענערע קאַזאַקן און טשעטשענצעס. צוליב וואָס פאַרלאָזט דער קאַזאַק זיין היים, די סטאַניצע און לאָזט זיך אין דער ווייטער וועלט אַריין? צוליב וואָס ווערט ער פאַרוואָגלט פון דער היים? אויף וואָס קוקט אויס די קאַזאַקישע משפחה, די קרובים און די פריינט, ווען ניט אויף די מתנות, אויף די שלח־מנות פון פראָנט? צי קאָן מען דען אַנדערש, ווי מיט רויב־הבטחות, צונויפקלייבן אַ פרייוויליג מאָנאַרכיש חיל? צי קאָן מען אַנדערש האָפן, אַז דער חסרון אין די פאָלקן וועט פאַרפילט ווערן מיט פרישע כחות? „צוליב וואָס האָסטו מיך גערופן", שרייט דער ווילדער טשעטשענעץ, אַרויסגייענדיג פון רעסטאָראַן, צום פריי־ווילינגן אָפיצער, „איך זאָל דעם קאָפ לייגן פאַר דיר?" „זעה, כ'גיי אָהן שטיוול", שרייט דער סאָלדאַט צום

קאָמאַנדיר. און וואָס איז די פּרייוויליגע תּשובה אויף אַלע יענע שאַלות?

„נעמט ביי די זשירעס".

און מען האָט גענומען ביי ייִדן אין שטוב און גאַס ביזטאָג און ביינאַכט. און אויב גנבה און גזלה זיינען בכלל געווען כמעט די איינציגע תּשובה אויף דער געלט־פראַגע אין דער אַרמיי, זיינען בכלל געווען דער נ אָ ה ע נ ט ע ר צ י ל, וואָס האָט געצויגן דאָס חיל פון שטאָט צו שטאָט אַלץ „נעהענטער צו דעם ווייטן ציל, צו מאָסקווע", זיינען דאָך פּשוט שוין גנבה און גזלה ביי י י ד ן געווען אַ מצוה גדולה, אַ וועג פון קלענסטן ווידערשטאַנד, פון זיכערן שכר און פון קלענסטן אָנווער. און אָט אַזוי האָט דער זשיד זכה געווען מגולגל צו ווערן אין אַן אָרגאַניזאַציע־פּרינציפּ פון דער פרייווילינער אַרמיי, וואָס האָט מיט ייִדיש בלוט און מיט ייִדיש געלט געוואָלט זיך אויסבלאַסטערן אַ וועג קיין מאָסקווע. די קאָמאַנדירן האָבן וועגן דעם סוד געוואוסט, און דעריבער זיינען זייערע באַפעלן געווען שטרייננ אין דער פאָרם, סענטימענטאַל אין תּוך און נישטיג אינם אויספיר. ניט קיין אויספאָרשונג, ניט קיין שטראָף.

ווי סענטימענטאַל לאָזט זיך, למשל, הערן דעניקינס באַפעל:

ראָסטאָוו אויפן דאָן, 21-טן אווגוסט 1919.

סע זיינען צו מיר דערגאַנגען ידיעות, אַז בעת דאָס חיל גייט דורך באַפעלקערטע מקומות פון קליין־רוסלאַנד, רעקווירירן באַזונדערע נישט־דיסציפּלינירטע טיילן האָב און גוטס בחנם, און איינציגע מיליטער־לייט נעמען דאָס אָפּ ביי דער באַפעלקערונג מיט געוואַלד און דערלויבן זיך אַזוינע מעשים, וואָס פּאַסן ניט פאַר מיליטערלייט. די דאָזיגע פאַלן ווערן נישט אויס־

געפּאָרשט, די שולדיגע ווערן נישט באַשטראָפט, און די פרידליכע איינוואוינער, וואָס האָבן דערפון געליטן, באַקומען גאָרנישט פאַר זייער היזק. בכן, באַפעל איך מאַכן באַזונדערע אַקטן וועגן אַלע פאַלן פון רויבערישע אָנפאַלן, וועגן אַלע בחנמדיגע רעקוויזיציעס און געוואַלד־טאַטן פון די מיליטער־לייט בנוגע צו דער פרידליכער באַפעלקערונג, צושטעלנדיג די ראָזיגע אַקטן דעם גובערנאַטאָר און אַרויסגעבנדיג באַזונדערע קוויטלאַך וועגן דעם די געליטענע.

גענעראַל־לייטענאַנט דעניקין".

מיט אַזוינע ווייכע ווערטער רעדט זיך וועגן די פּאָגראָמען אויפן גאַנצן וועג פון דער פרייוויליגער אַרמיי, בעת די רעגולערע מיליטערישע טיילן פלעגן סיסטעמאַטיש אויסראַמען דאָס גאָרע האָב און גוטס אין די שטעט און שטעטלאַך מיט אַ יידישער באַפעלקערונג, ניט איבערלאָזנדיג קיין שנירל פון אַ שוך. נאָר חרושט זיך ניט! יידיש האָב און גוטס איז דאָך געווען הפקר, דער קרבן אויפן וועג קיין מאָסקווע און אפשר דער וועג אַליין...

צוליב דעם האָט מען דאָס אַזוי פשוט פאָרמולירט דעם קאַמף־ציל: קאָמוניסטן — יידן, אַנטיקאָמוניזם— אַנטיסעמיטיזם. די פשטות פונם ציל איז געווען צוגעפּאַסט צו דער פשטות פון די מיטלען... נאָר די ראָזיגע גנבה־וגזלה־טאַקטיק האָט געמוזט סוף כל סוף אויפעסן אירע אויפטוער. די גזלה אָרגאַניזירט די באַנדע, זי איזאָלירט אָבער די באַנדיטן; זי פאַראייניגט זיי אין ראַבעווען, זי צעשיידט זיי ביים פונאַנדערטיילן. חוץ דעם, האָט די טאַקטישע פּראָבלעם אויף דעם ראָזינן „פרייוויליגן" וועג קיין מאָסקווע זיך געמוזט פאַרפלאָנטערן.

וואָס ווייטער, זיינען די רעניקינצעס געקומען אין שטעט מיט אַ קלענערער יידישער באַפעלקערונג, הפקר האָב און גוטס איז שוין שווערער געווען צו געפינען, דער ווייטער ציל פון מאָסקווע האָט אָנגעוואָרן זיין חן צוליב דער בלאָסער שיין פון די נאָהענטע צילן, און דער ראָבראָוואָלעץ נאָזדריאָוו האָט זיך באַדאַרפט פרעגן אַ שאלה: צי וועט אַזאַ מין באַוועגונג זיך ניט מוזן אָפּשטעלן? צי וועט דער זשיר מיט זיין געלט — אָט דער סלופּ פאַר זיין אָרגאַניזאַציע־פּלאַן — ניט ווערן סוף כל סוף דער בוים פאַר זיין תליה? נאָר נאָזדריאָוו האָט פיינט פרעגן קשיות, בפרט אין אַזאַ מאָמענט, בעת ער גייט „זיך איינשטעלן פאַרן צאַר, פאַר רוס"...

## די קריסטליכע טויב און דאָס יוניש שלעסל

ווי קריכטן וועלן מיר זיין געדעכט בנוגע צו אַלעמען
(שולגין אין קיעוולינאַנין)

מער ווייטזיכטיגע צווישן די שוואַרץ־מאהניקעס האָבן מורא געהאַט פאַר אַזאַ סוף, און האָבן זיך דעריבער געפּלייסט דערהויבן די „פּרייווילינגע" גזלה־טאַקטיק ביז צו דער מדרגה פון אַ אידייע, פון אַ פּאָליטישער סיסטעם — ווער ווייס, אפשר וואָלט די איינענע טאַקטיק, נאָר אין דער פאָרם פון אַ פּראָגראַם, פאַרלייננגערט דעם אָטעם פון אירע חסידים און אויסגעהאַלטן דעם לאַנגען וועג קיין מאָסקווע?!...

און די נויט פון היסטאָרישן מאָמענט האָט באַשאַפן אַ נס: אויף נאָזדריאָוון האָט אָנגעהויבן רוהען דער רוח הקודש, און אויף זיין קאָפּ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון ערגעץ די קריסטליכע טויב — אַ גלגול פון פּיכנאָ און פון סוואָרין מיט קרושעוואַן אין איינעם — און ס'איז

נתגלה געוואָרן אין קיעוו נאָך אַ גלות פון אַנדערט־האַלבן יאָר — דער רעדאַקטאָר פון „קיעווליאַנין" וויטאַלי שולגין. געבראַכט האָט ער מיט זיך אַ פאַרטיגע אויסגעאַרבעטע תורה פון אַנטיסעמיטיזם. ער האָט זי אויסגעהאָדעוועט ערגעץ אין גלות אין ראָסטאָוו, יעקאַטערינאָדאַר און אַנדערע שיינע מקומות, געשפּייזט זי מיט דער טראַדיציע פון עכט־רוסישע בלוט־בלבולים, אַריינגעלייגט אין איר אַ היסטערישע שוואַרץ־מאהדיגע התלהבות, און — גאָט די נשמה שולדיג — פאַרגלאָצט אויף איר אַ פּאָר קריסטליכע טויבן־אויגן. און כּדי מע זאָל אויף דער תורה קיין קשיות ניט פרעגן, איז ער געפאַלן אויף אַ שכל, ער האָט אין איר אַריינגעטראָגן די מעלות פון אַ יוניש שלעסל, אַן איבערגעדרייטס, אָהן שום אינעווייניגסטע מניעות. און שולגין האָט זיך אויס־געטאָן פון אַלע צוימען און באַזוין, מעשה חם, די שאַנד פון זיין פּריוויליגער קאָמפּאַניע פאַר דער ליכטיגער זון. זיין אויפטו איז אים בייגעשטאַנען, ער איז געוואָרן דער באַשערטער אידעאָלאָג פאַרן ראָבראָזאָלען נאַדריאַד אין האָט זוכה געווען אים צו געבן די תורה פאַר זיינע מעשים טובים.

## די תורה

מעשה בעל־הבית האָט שולגין שוין אין זיין ערשטן ברוך הבא געגעבן אַן אָנצוהערעניש די שבנים־יידן אין איקראַינער, מיט וואָס סע שמעקט זיין „פּריוויליג" קימעי. „יאָ, אָט דער קאַנט איז אַ רוסישער, רוסישער, רוסישער! — האָט ער אויסגעשריגן — מיר וועלן אים נישט אָפּגעבן, נישט צו די אוקראַאינישע פאַרעטער, וואָס האָבן

אים באַרעקט מיט שאַנד, נישט צו די יידישע תלינים, וואָס האָבן אים פאַרגאָסן מיט בלוט".

אָט אַזוי שיין האָט שולגין אַראָפּגעדרשנט ברוח הקודש פון די קיעווער בערג און האָט אַזוי שאַרף און קורץ פאָרמולירט די קריסטליכע גערעכטיגקייט, אַז שוין אין דער ערשטער מימרא איז אייגנטליך געלעגן כל התורה כולה. דער רעשט פון זיינע ווערטער, וואָס ער האָט באַוויזן זאָגן אין קיעוו אין פאַרשיידענע מאָמענטן פון אַוגוסט ביז דעצעמבער, פאַר פּאָגראָמען, בשעת פּאָגראָמען און נאָך פּאָגראָמען, איז פאַרשריבן אויף די עמודים פון קיעוולאַנין און גיט אונז נאָר אַ פּירוש צו דעם ערשטן אַרויספאָר...

נאָר אַזוי ווי די קריסטליכע טויב, וואָס האָט גערעדט דורך זיין מויל, איז ניט אָפּגעטרעטן פון אים קיין איין מינוט, איז כדאַי צו דערמאָנען אויך די פּירושים פון זיין צענטראַלן געדאַנק. און אויף אַזאַ מין אופן וועלן מיר זיך דערוויסן, וואָס איז בכלל געווען אָנגעשריבן אויף די נייע לוחות פון זיין אַנטיבאָלשעוויסטיש־אַנטי־סעמיטישער תורה.

... און ווי ס'ע פּאַסט פאַר אַ קריסטליכער טויב, הויבט שולגין אָן אַ מימראָ: „און בכלל גערעדט זיינען מיר דאָך קריסטן און מיר וועלן אייך (יידן־קאָמוניסטן) ניט אָפּצאָלן מדה כנגד מדה — אַן אויג פאַר אַן אויג און אַ צאָן פאַר אַ צאָן". ...און ווי ס'ע פּאַסט פאַר אַ יוניש שלעסל, פאַרענדיגט ער די מימרא: „נאָר מיינט נישט, אַז איר וועט אויסמיידן דעם כוס פון אָפּקימענישן פאַר אייערע זינד, איר וועט מוזן אויסטרינקען דעם כוס פון פאָלקס־פאַראַכטונג ביזן דעק". ...און ווי ס'ע פּאַסט פאַר אַ קריסטליכער טויב, הויבט ער אָן אַ מימרא: „צום גליק שטייען אין דער שפּיץ פון רוסלאַנדס איבערלעבונג אַזוינע

לייט מיט אויסטערלישע מעלות, וואָס האָבן געזעהן אַל־ראָס בײַז פון די מענשן און ווינען אַליין ניט פאַרביטערט געוואָרן... די העברעע מיליטערישע מאַכט נעמט אָן אַלע מיטלען, בכדי די פרייוויליגע אַרמיי זאָל קיינעם קיין שלעכטס ניט טון: ניט קריסטן, ניט יידן" —... און ווי סע פאַסט פאַר אַ יוניש שלעסל, פאַרענדיגט ער די מימרא: „נאָר דערפון טאָרט איר ניט מאַכן דעם אויס־פיר, אַז די רוסישע פּאָליטישע פּאַרטייען, לכל הפּחות, איינינע פון זיי, וועלן אייך (יידן) ניט צושטעלן אַ חשבון פאַר אייער איינפירונג בשעת דער רעוואָלוציע. אָט דער חשבון וועט ניט זיין קיין בלוטיגער, אָבער ער וועט זיין אַ יושרדיגער"...

און ווילט איר וויסן דעם יושר פון דער נייער תּורה, איז ער אייך בולט און שאַרף פאָרמולירט: „פאַר יידן איז פאַראַן נאָר איין וועג: זיך תּיכף ומיד אַליין אָפּזאָגן אָנטייל צו נעמען אין פּאָליטישן לעבן פון רוסלאַנד, פאַר אַלצדינג, וואָס יידישע פּאָליטישע טוער האָבן אָפּגעטאָן מיט רוסלאַנד פון פרומין ביז בראָנשטיין, מוזן זיי זיך פונאַנדערצאָלן. מיר לייגן פאָר דעם יידנטום סלוקן דעם חשבון מיט אַ מינימום, און געוויס וועלן יידן נישט הערן און וועלן באַצאָלן אַפולע טייערער".

... און סע הייבט אָן אַ מימרא די קריסטליכע טויב: „מען דאַרף דורכאויס איינשטעלן די פּאָגראָמען" —... און סע פאַרענדיגט די מימרא ראָס יוניש שלעסל און זאָגט אינטער דער קריסטליכער טויב אַ קריסטליך מיטל קעגן פּאָגראָמען: „בעת מען ראַטעוועט אַ מענשן, וואָס טרינקט זיך, קומט אַמאָל אויס אים צו געבן אַ זעץ אין קאָפּ, כדי ער זאָל פאַרטיבלט ווערן און זאָל אַייך ניט קאָנען כאַפּן און שטערן אַייערע באַוועגונגען. אָט אַזוי דאַרף מען טון מיט יידן, ווען מען וויל זיי ראַטעווען

פון פאָגראָמען, מען דאַרף זיי קודם כל אַ זעץ נעבן אין קאָפּ און צווינגען צו שווייגן די עוזתדיגע יידישע פּאָליטישע טוער"...

אָט דאָס איז דער יושרדיגער מינימום. נאָר אַ יוניש שלעסל האָט ניט קיין זכרון און דרייט זיך אָהן אינעווייניגסטע מניעות, און דער מינימום וואַקסט און בליהט זיך פונאַנדער, סע ווערט פון אים אַ גאַנצער שולחן ערוך פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס לאָזט זיך שוין טיילן אין סעיפים:

„מען דאַרף נויטן יידן פאַרלאָזן די פּאָסטנס, וואו זיי קאָנען שאָדן ברייגגען דער איופלעבנדיגער רוסישער מלוכה; סע טאָרן נישט זיין קיין יידישע אָפיצערן, קיין טשינאָווניקעס און קיין יידישע ריכטער. סע טאָרן נישט זיין קיין יידישע ראַטמענער, ניט אין די שטאָט־רומעס, ניט אין די זעמסטוועס, און אויך ניט קיין אָנגעשטעלטע אין שטאָט און אין זעמסטווע. בפרט איז וויכטיג אַרויס־רייסן פון יידישע הענט די פּרעסע. יענער, וואָס זאָגט זיך אָפּ פון קויפן אַ יידישע צייטונג, יענער טוט אָפּ אַ וואוילע רוסישע אַרבעט". (קיעווליאנין 41 №)

## אינקוויזיציע פון פחד

און ס'איז געווען אין די אָקטאָבער־טעג, בעת נזרת דעניקין איז אין דער פולער מאָס מקוים געוואָרן אין קיעוו און כאַליאַסטרעס „פּרייווילינגע" רויבער פלעגן בייטאָג און ביינאַכט, ביי דער שיין פון דער זון און ביי דער שיין פון לאַמטערן, טון אין יידישע שטיבער זייער „פּרייווילינגע" אַרבעט, האָט דער רוח הקודש גערוהט אויף שולגינען און די קריסטליכע טויב האָט אַרויס־גערעדט פון זיין מויל:

„בײנאַכט װערט אין קיעװער גאַסן נישט הײמליך, גאָר זי אין מיטלעלטער. אין דער טויטער שטילקײט אַרום, קײן מענטש ניט צו זעהן, לאָזן זיך פלוצים הערן האַרצ־רײסנדיגע קולות. דאָס שרײען די זשידעס, זײ שרײען פון פחד. אין דער פינסטערניש פון דער גאַס באַװײזן זיך הײפלאַך פון מענטשן מיט ביקסן, און דערזעהענדיג זײ, הײבן אָן די פינף־און זעקס־עטאַזשיגע הײזער װאָיען און געװאַלדעװען פון אױבן ביז אונטן אַראָפּ. גאַנצע נאַכט שרײען מיט נישט קײן מענטשליכע קולות, פאַרכאַפּטע פון טויט־שרעק, ציטערנדיג פאַר זײער לעבן. ס'איז נישט הײמליך צו הערן די דאָזיגע קולות אין דער נאַכט פון נאָך דער רעװאָלוציע. געװיס, מען איז מגזם די מורא, און לויט אונזער קוק, נעמט זי אָן אַן אומגעלומ־פערטע פאָרמע, װאָס דערנידעריגט דעם מענטשן. נאָר פונדעסטװעגן איז דאָס אַן אמתע שרעק, אַ אינקװיזיציע פון פחד, װאָס סע לײדט פון איר אַצינד די גאָרע ײדישע באַפעלקערונג. די מאַכט, אױף װיפיל זי איז בכח, נעמט אָן אַלע מיטלען, בכדי ניט צו דערלאָזן צו רציחות אין גולות. און די רוסישע באַפעלקערונג הערט זיך אײן אין די שרעקליכע געשרײען, װאָס סע רײסט אַרױס די „אינקװיזיציע פון פחד" און פאַרטראַכט זיך דערבײ, פאַרטיפט אין די אײגענע געדאַנקען. זי טראַכט װעגן דעם, צי װעלן די דאָזיגע נוראימדיגע נעכט עפּעס אָפּלערנען ײדן? צי װעלן זײ פאַרשטײן, װאָס דאָס באַטײט אַװינס — חרוב מאַכן מלוכות, ניט פון זײ באַשאַפענע? צי װעלן זײ פאַרשטײן, װאָס דאָס באַטײט אַװינס — װעלן דער־גרײכן גלײכבאַרעכטיגונג פאַר יעדן פרײז, װאָס סע זאָל נישט קאָסטן? װעלן זײ פאַרשטײן, װאָס דאָס הײסט, לױטן רעצעפּט פונם „גרױסן לערער" קאַרל מאַרקס אָנ־רײצן אײן קלאַס אױף דעם אַנדערן? צי װעלן זײ פאַר־

שטיין, וואָס זיינען אַזוינס די סאָציאַליסטן, וואָס אין זייער שוים זיינען געבוירן געוואָרן די באָלשעוויקעס? וועלן זיי אַצינד פאַרשטיין, וואָס באַטייט אין רוסלאַנד דער פּרינציפּ פון פאָלקס־ממשלה? און וועלן זיי פאַרשטיין, וואָס זיי באַדאַרפן אַצינדערט טון? וועט מען אין אַלע יידישע שולן פאַרשילטן בפני עם ועדה אַלע יענע יידן, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן דעם תהו ובהו פון דער איבערקערעניש? צי וועט די ברייטע יידישע מאַסע מיט דער אייגענער התלהבות, ווי זי איז אָנגעפאַלן אויף דעם „אַלטן רעזשים", אַצינדערט זיך אָפּזאָגן פון די באַשעפער פון „נייעם רעזשים"? צי וועלן יידן זיך שלאָגן על הטא אין האַרצן און, באַשיטנדיג דעם קאָפּ מיט אַש, בפני עם ועדה תשובה טון אויף דעם, וואָס די קינדער פון ישראל האָבן אָנטייל גענומען אין דעם באָלשעוויסטישן שרים־טאַנץ? וועט מען באַשאַפן אַ יידישע ליגע אויף צו קעמפן מיטן סאָציאַליזם? אָדער אַלצדינג וועט בלייבן ווי געווען, און נאָך די נוראימדיגע נעכט, וואָס מען האָט פאַרבראַכט אין טויט־שרעק, וועט מען ווי פריהער באַשאַפן אַ „ליגע צו קעמפן קעגן אַנטיסעמיטיזם", וואָס וועט פּרובן אָפּלייקענען קלאָרע פאַקטן און רערמיט נאָר אויפרייצן די אַנטיסעמיטישע געפילן? פאַראַן צוויי וועגן פאַר יידן: איינער — זיך מתורה זיין און תשובה טון, אַ צווייטער — אָפּלייקענען און באַשולדיגן אַלעמען, אַחוץ זיך אַליין. זייער גורל הייגגט אָפּ דערפון, מיט וואָסער וועג זיי וועלן גיין. ניט שוין זשע וועט זיי אַפילו די „אינקוויזיציע פון בחר' ניט באַוויזן דעם ריכטיגן גאַנג?"... (קיעווליאַנין № 37)

אָט דאָס איז געווען די תורה, וואָס שולגין האָט זי מקבל געווען ברוח הקודש פון דער קריסטליכער טויב

מיט דער הילף פון אַ יוניש שלעסל. און ס'איז געווען, בעת ער האָט געדרשנט פּאַר זיינע לייט פון די קיעווער בערג אַראָפּ, האָבן זיי אים קיין שאַלות און קיין קשיות ניט געפרעגט און מקדים געווען נעשה צו נשמע, ניט אויסגעהערט אַפילו ביז צום סוף און זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט.

## די מעשים טובים

די תורה האָט אָנגעהויבן מיט יידן און אויסגעלאָזט מיט יידן און די מעשים טובים זיינען ניט אָפּגעשטאַנען פון דעם איינענעם מנהג.

פון צוויי זייטן האָט זיך אין אַווגוסט 1919 אָנגערוקט אויף קיעוו מיליטער. פון מזרח און דרום האָט אין אַיילעניש מאַרשירט אויף קיעוו די פרייוווילינע אַרמיי פון רעניקינס חיל, און פון מערב־זייט האָבן צו דעם איינענעם פונקט געשטרעבט די גאַליצישע טיילן פון פעטלורעס חיל. ס'איז געווען אַ יאָגעניש איינער איבער דעם אַנדערן, אַ מין קאָנקורענץ אין מיליטערישע מאַרשן און אין יידישע פּאָגראָמען. און סע האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז פעטלורעס און רעניקינס חילות זיינען אָנגעקומען אין קיעוו צו דער אייגענער צייט. די יידישע באַפעל־קערונג איז געווען גרייט צו פורעניות פון ביידע זייטן און האָט מיט דער הילף פון דער שטאָט־דומע אָרגאַניזירט אַ זעלבסטשוץ פון די בעסטע יונגע יידישע כחות. און ס'איז געווען אינם ערשטן טאָג, ווען דאָס גאַליצישע חיל האָט פאַרנומען די שטאָט, האָט זיך אַריינגעריסן אַ באַנדע פעטלורעצעס אין האָטל פראַנסואַ, וואו ס'איז איינגעשטאַנען דער יידישער זעלבסטשוץ, האָט פאַרנומען די יידישע יונגע לייט אויף אַן אַוטאָמאָביל

פאַר משאָות און האָט זיי פאַרשלעפּט אַראָפּ גרויס־וואַסילקאָווער גאַס ביז רעמיעווקע. אין וועג האָט מען באַגעגנט יידן, און די יונגע לייט האָבן פון אַיילנדיגן אַווטאָמאָביל אַראָפּגעשריען: „לאָזט זאָגן דער דומע, אַז מען פירט אונז, מיר ווייסן ניט וואוהין“. בשעת מען איז געקומען פון דומע אָפּזוכן די פאַרשלעפּטע, האָט מען געפונען פיר און דרייסיג טויטע יידישע קערפּערס, אויסגעטאָן בלויז און נאַקעט. פיר און דרייסיג קברים פון יונגע יידישע קדושים זיינען צוגעקומען אויפן קיעווער בית עולם, און ס׳איז געוואָרן אַ טרויער־טאָג פאַר קיעווער יידן: דאָס אַנדערע יאָר זיינען זיי זיך צונויפגעקומען אין דעם אייגענעם טאָג אויפן אייבּיגן אָרט און האָבן געוויינט איבער די יונגע יידישע קברים...

נאָר ניט פון דער זייט האָט זיך דענסטמאָל אָנגע־רוקט די גזירה אויף קיעוו. די גאַליציאַנער מיט פּעט־לורעס באַנדעס זיינען נאָך פאַרהאַנדלונגען מיט דעני־קינס גענעראַלן אָפּגעטראָטן פון קיעוו און האָבן איבער־געלאָזט די שטאָט פאַר די דעניקינצעס, וואָס האָבן זיך תיכּף מיט זייערע אייגענע כּוונות צעשפּרייט איבער אַלע יידישע גאַסן. און מיר לייענען טאַקע גלייך אין די ערשטע טעג פון אווגוסט אין אַ אָפיציעלן דאָקומענט, אַ באַפעל מיט אַ סקאַרבאָווען נוסח:

„צו מיר דערגייען ידיעות וועגן איינציגע פאַלן פון געוואַלד־אַקטן, וואָס ווערן אָפּגעטאָן מיט דער יידישער באַפעלקערונג פון שטאָט... סע פירט זיך צווישן עולם אַן איינגעשפּאַרטע אַגיטאַציע פאַר פּאָגראָמען, בכי א. אַז. וו.“ באַפעל פון נאַטשאַלניק איבערן גאַרניזאָן (קיעווליאַנין, 24 אווגוסט)

אָקאָרשט געקומען קיין קיעוו, נאָך ניט באַוויזן, ווי מען זאָגט, די פיס אָנצוואַרעמען, און זיך באַלד גענומען

צו דער פּריוואַטער אַרבעט. איבער אַלע יידישע זינ־
קעלאַך פון קיעוו, איבער אַלע פאַרשטעטן — סלאָבאָדקע,
פּאָדאָל, רעמיעוויקע, איבער יידישע גאַסן און יידישע
שטיבער איז אַריבער אַ כוואַליע פון גזילה און רציחה,
אַ שורה „איינציגע געוואַלד־אַקטן", ווי סע דריקט זיך
אויס איידל דער באַפעל, פּריוואַטע אימפּראָוויזירטע
אַרויסטרעטונגען פון פּריוואַטן חיל.

אין מיטן יידישן קוואַרטאַל, אין „קאַזאַטשי דוואָר"
אויף דער גאַס ריעלאָוואַיאַ נעבן וואַסילקאָווער גאַס,
האָבן די וואָלטשאַנצעס פון גענעראַל ברעדאָוו גרופּע
אויסגעשפּרייט זייער געצעלט און אָנגעהויבן כאַפּן מענשן.
אַז סע פלעגט ערגעץ נעלם ווערן אַ ייד, האָט מען
געוואוסט, אַז די וואָלטשאַנצעס האָבן אים פאַרשלעפּט
צו זיך אין קאַזאַקן־הויף, פון וואַנען מען פלעגט זיך
שוין ניט אומקערן צוריק צו זיך אַהיים. געווען באַהאַרצטע
יידישע מיידלאַך, וואָס האָבן זיך איבערגעטאָן אין
נאַציאָנאַל־רוסישע קאָסטיומען און אַריינגעכאַפּט זיך אינם
ראָזינן לאַגער פון די וואָלטשאַנצעס זוכן זייערע פאָטערס
און ברידער. ווי זייגען דערנאָך אַרויסגעקומען פאַר־
קלאָגטע און פאַריאָמערטע, דערציילנדיג פון די פאַר־
מאַטערטע, צעקאַלעטשעטע קרבנות, וואָס האָבן זיך
געוואַלגערט אין זייער בלוט אין די שטאַלן פונם הויף.

ראָך איז קיעוו דענסטמאָל נצול געוואָרן פון אַ
מאַסן־פּאָגראָם. אַ צופאַל האָט געשטערט: דער סכסוך
מיטן גאַליציש־פּעטלורישן חיל, וואָס האָט אויך מעשה
בעל־הבית געהאַט פאַרנומען קיעוו, האָט אַביסל אָפּגע־
קילט די אַנטיסעמיטישע התלהבות ביי די דעניקינצעס
און ווי האָבן דורכגעלאָזט די ערשטע הייסע מינוט.
חוץ דעם, האָט דעניקינס אַרמיי אין אויגוסט נאָך נענוג

אַרבעט געהאַט אין דער פּראָווינץ. נאָר אָט איז פאַר קיעוו געקומען אַ שטאַרקע, אַ מוראָדיגע אָנצוהערעניש: די שחיטה פון פאַסטאָוו.

דאָס שטעטעלע פאַסטאָוו, ניט ווייט פון קיעוו, האָט געטראָפן אַן אומגליק: ס'איז געשטראָפט געוואָרן מיט צוויי פייערן. אויף אים איז געפאַלן דער שלימזלדיגער גורל צו ווערן אַ פראָנט־פונקט אין דער מלחמה פון די דעניקינצעס מיט די באָלשעוויקעס און אַריבערגיין פון איין האַנט אין דער צווייטער. און אָט דעם שעת הכשר, אָט די גינציגע מינוט האָבן דאָס אויסגענוצט די דעני־קינצעס און אין אמתן ברען פון דער מלחמה האָט זיך פון זיי אויסגעטיילט אַ כאָפּטע קאַזאַקן (דאָס זיינען געווען די קאַזאַקן פון דער צווייטער טעריש־פּלאַסטר־נישער בריגאַדע) און איז מיט אַ פייפעריי און אַ שיסעריי דורך איבערן שטעטעלע, רויבנדיג און ברענענדיג, נישט איבערלאָזנדיג קיין איין יידישע שטוב. דעם 9־טן סעפּ־טעמבער האָט זיך דער פּאָגראָם אָנגעהויבן און געצויגן זיך דעם 10־טן, 11־טן, 12־טן און 13־טן סעפּטעמבער. אַן ערך אַכט הונדערט יירן האָבן די קאַזאַקן געקוילעט, צוויי הונדערט יידישע הייזער פאַרברענט. אין פאַסטאָוו האָבן די דעניקינצעס באַוויזן, וואָס זיי קאָנען, זייער ווילדקייט האָט זיך דאָ צעשפּילט אויף אַ משונהדיג אַכזרישן אופן, און די פאַרשאָלטענע פאַנטאַזיע האָט זיי געשטופּט אויפצוטון נייס אין די יידישע פּאָגראָמען.

אַז סע פלעגט פאַר זייער תּאווה ניט קלעקן דאָס, וואָס זיי האָבן גערויבט, פלעגן זיי מעשה אינקוויזיציע מאַכן אַלע הכנות פון אויפהייגען, דעם ריטען אַרויפ־לייגן יירן איבערן האַלז, אונטערשטעלן אַ ביינקל און פּרובן אַרויסשטופּן פון אונטער די פיס, כּדי זיי נויטן זיך מודה צו זיין, וואו סע ליגט באַהאַלטן זייער האָב און גוטס.

בכלל, סיי אין פאַסטאָוו, סיי ערגעץ אַנדערש, האָבן די פּאָגראָמען פון די רעניקינצעס געהאַט בולטע סמנים, וואָס האָבן זיי אויסגעטיילט פון אַנדערע אוקראַיִנישע פּאָגראָמען: אַ באַזונדער שטה, אַ באַוונדער סיסטעם אין ראַבעווען, אַ שטה פון לבן הארמי אויף אויסצו־וואָרצלען אַלצדינג. אַזאַ מין אויסליידיגן ביז גאָר, אַזאַ מין אויסרוימען ייִדיש האָב און גוטס האָבן נאָך אוקראַיִנער שטעט און שטעטלאַך נישט געזעהן און נישט געהערט ביז דענסטמאָל. אין בעלאָ־צערקאָוו, אין דער קאָלאָניע ראַזנאָפּאָל האָבן די סאָלדאַטן, זוכנדיג געלט און חפצים, געבראָכן די אויוונקוימענס, גריבער אויס־געגראָבן אין די הויפן, געקראָכן אויף די בוידעמער און אין די קעלערס. אין פאַסטאָוו האָבן זיי געראַבירט אַלצדינג: דאָס בעטגעוואַנט, אַלע מטלטלים פון דער שטוב, אַלע טעפּלאַך, גלעזער, הילצערנע ראַמען פון די פענסטער, די טירן פון די שטיבער. אומעטום אין די גערטענער, שייערן און אין די הויפן האָט מען געפונען אויסגעגראָבענע גריבער.

פאַראַן אין די אוקראַיִנישע פּעטלורישע פּאָגראָמען אַ סך טראַגישע מאָמענטן: אויסגעקוילעט 1400 ייִדן אין פּראָסקוראָוו אין משך פון דריי שעה אין אַ מיטן ליכטיגן שבת, אין די הייזער ביי דער שבתדיגער סעודה. „נישט שיסן, נאָר שעכטן מיט קאַלט כלי זין", האָט געהייסן דער פּעטלורישער אַטאַמאַן סעמאָסענקאָ, וואָס האָט גע־ושאַלעוועט פּאַטראָנעס. און מע האָט ניט געשאָסן, נאָר די מעסערס און שפּיזן גענעצט אין ייִדיש בלוט, דערביי אָבער נישט געראַבעוועט.

אַ גאַסן־סצענע אין דעם אייגענעם פּראָסקוראָוו. אַ „ווילנע קאָזאַק" באַגעגנט אַ ייִדיש ייִנגל, אַ שילער פון גמנאַזיע: „אויף די קני", שרייט צו אים דער קאָזאַק,

„איך וויל דיר דעם קאָפּ אַראָפּנעמען“. און דער גרייטער קרבן וואַרפט זיך מיט אַ שטומער הכנעה אויף די קני, דער קאָזאַק נעמט דעם שווערד פון שייד אַרויס און האַקט אים דעם קאָפּ אַראָפּ... אָט געפינט מען נאָך אַ פּאָגראָם אַ געהרגעטע מוטער און נעבן איר אַ לעבעדיג זויג־קינד, וואָס ציהט זיך צו דער טויטער מאַמעס ברוסט. און נאָך אַ סך אַזוינע מאָמענטן, וואָס זיינען טראַגיש ביז אין טיפסטן תהום אַריין.

דערפאַר אָבער די רעניקינצעס האָבן זיך מער אויס־געצייכנט מיט זייערע שענדליכקייטן און אַריבערגעשטיגן אַלצרינג, וואָס יידן האָבן ביז אַצינד איבערגעלעבט. אַ בולטער סימן פון זייערע פּאָגראָמען זיינען געווען די מאַסן־שענדונגען פון פרויען; די קאָזאַקן פלעגן מאַנכם זיין אַלע יידישע טעכטער און פרויען, וואָס זיינען אַריינ־געפאַלן אין זייערע הענט, נישט איבערקלייבנדיג צווישן יונג־ און אַלט.

די מאַטעריאַלן, וואָס זיינען פאַראַן אין די יידישע אָרגאַניזאַציעס, פאַרצייכענען פאַרגעוואַלדיגונ־גען פון פרויען מצד די רעניקינצעס אין יעקאַטערי־נאָסלאַוו, טשערקאַס, פאַסטאָוו, נעזשין, וואַסילקאָוו, איג־נאַטאָווקע, טאַלנע, גאָראָדישטשע, באָרזנע, באָריספּאָל, באָבראָוויצע, ראָוונאָפּאָל. אינם שטעטעלע סמעלע האָבן מיר עטליכע הונדערט פאַרגעוואַלדיגונגען פון יידישע פרויען. נישט דערוואַקסענע קליינע מיידלאַך זיינען פאַר־געוואַלדיגט געוואָרן אין יעקאַטערינאָסלאַוו, טשערקאַס, נעזשין, איגנאַטאָווקע, ברעזנע, באָריספּאָל. אַכט ביז צען פאַרגעוואַלדיגער פלעגן אָנפאַלן אויף איין קרבן, וואָס איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט. אין ראַקיטנע און באָריספּאָל האָבן מיר אַזוינע קרבנות פון צענדליגער אויסהאָרפּן. אין ראַקיטנע האָבן זיי אין מיטן טאָג אויס־

געטאָן אַ פּרווּ נאַקעט און מאַנס געווען נעבן דער קרייז־קאַנצעלאַריע.

זיי פּלעגן אָרגאַניזירן געיעגן אויף יידישע פרויען. אין ראַוונאָפּאָל האָבן זיי זיך בּיינאַכט אַריינגעריסן אין די יידישע הייזער, פון וואַנען סע פלעגן זיך הערן יעדע פופצען ביז צוואַנציג מינוט געשרייען פון געשענדעטע פרויען. אין מיטן טאָג פלעגן די סאָלדאַטן פאַרשלעפּן אין די הייזער יידישע פרויען און אין די אויגן פון די מענער און טאַטעס מאַנס זיין. פאַרן איינשטעלן זיך אויף באַשיצן דעם כּבוד פון זייערע פרויען, פלעגט מען די מאַנסבּלען — טאַטעס, בּרידער, זין — טויטן אויפן אָרט.

אָט דאָס איז געווען דאָס אָנצוהערעניש, וואָס קיעוו האָט רעגסטמאָל בּאַקומען פון פאַסטאָוו. און אַ שטאַרקער ווידער־קול (אַן עכאָ) רופט זיך אָפּ אין קיעוו אויף פאַסטאָוו, בּחוש דערפילט קיעוו איר אייגענעם שלים־שלימזל, וואָס איז שוין אָט נאָר נאָהענט און אַ מרה שחורה דריקט צו דער ערד די יידישע נשמה. די יידישע קהלה ווערט אָפּהענגיג, זי טרייסלט זיך פון פּחד און זוכט זיך צו העלפן מיט אַלטע סגולות: מען שיקט שתּדלנים, אויף היינטוועלטיגן לשון רעלעגאַציעס, צו רעניקינס גענעראַלן, צו בּרעדראָוון און דראַגאָמיראָוון, און אַפילו צום בּאַוואוסטן שוואַרץ־מאהניק מיטראָפּאָ־ ליט אַנטאָני, און ווי אַ געטרייער שליח צבור איז מען מקבּל בּאהבה פון די ראָזיגע האַרן די פּעטש פאַרן גאַנצן יידישן עולם. די גענעראַלן האָבן, ווי געטרייע משרתים, איבּערגעחזרט רעניקינס אַ פּזמון, וואָס ער האָט אַרויס־ געלאָזט אין אָרעס אין אַ ריידע צו דער אָדעסער יידישער רעלעגאַציע: די יידישע יוגנט איז בּאָלשעוויסטיש און די עלטערע יידן דאַרפן פועלן בּיי איר, אַז זי זאָל ליבּ

קריגן די פרייוויליגע פּאָגראָמשטשיקעס. דער מיטראָ־
פּאָליט אַנטאָני האָט אויף דעם אייגענעם מאָטיוו אָפּ־
געזונגען זיין לידל פאַר יידישע דעלעגאַטן, וואָס זיינען
געקומען אים בעטן, ער זאָל זיך אַרויסזאָגן קעגן פּאָג־
ראָמען, און האָט אין דעניקינס גוסט געפּאָרערט, אַז
יידן זאָלן זיך פריהער אַרויסזאָגן וועגן זייער באַציהונג
צו דער פרייוויליגער אַרמיי. נאָר אַזוי ווי ער איז אַ
רוסישער כלי קודש, האָט ער געפונען פאַר פּאַסיג עפּעס
מוסיף צו זיין פון זיין אייגנס: ער האָט חס ושלום נישט
קעגן יידן, פּאַראַן דאָך עפּעס אַ יעוואַנגעליע אויף דער
וועלט, וואָס הייסט ליב האָבן אַלעמען, אַפילו אַ שונא,
הוץ דעם, האָט ער געהאַט אַ סך פריינט צווישן יידן,
נאָר פאַרן געזעגענען זיך מוז ער למען האמת זיך מורה
זיין פאַר זיי: ער גלויבט באמונה שלמה, אַז יידן טרינקען
קריסטליך בלוט אום פּסח, און אַז די פּראָפעסאָרן
טראָאיצקי און קאָקאָווצעוו איפן ביילים־פּראָצעס זיינען
געווען אונטערגעקויפט מיט יידיש געלט. ווי אָפּגעבריהטע
מיט זוריג ברוריג וואַסער זיינען די יידישע דעלעגאַטן
אַרויס פון מיטראָפּאָליטס שטוב.

די איינציגע פּעולה פון די דעלעגאַציעס איז געווען,
וואָס גענעראַל דראַגאָמיראָוו איז צוליב די מעשים
תעתועים פון זיינע לייט געפּאָרן בכבודו ובעצמו אויף
פּאָראָל, אויסגעשטעלט ראָרטן די סאָלדאַטן און געדרשנט
צו זיי וועגן הלכות דרך ארץ אינם סטיל פון: קאָזאַק,
שעם זיך! דערנאָך האָט ער זיך אין אַ שמועס מיט
יידישע דעלעגאַטן מורה געווען, אַז זיין דרשה האָט אַ
קנאַפּע פּעולה געהאַט. אין אַזוינע פאַלן, זייט ווייסן,
ווירקט נאָר טויט־שטראָף, און באַשטראָפן אַזוי שטרייננג
אַ קאָזאַק צוליב הרגענען אַ יידן קאָן איך אויף זיך די

אַחריות ניט נעמען, מיינע סאָלדאַטן וועלן דאָס בשום אופן ניט פאַרשטיין!...

און אין דער אייגענער צייט, ווען דעניקינס גענעראַלן פלעגן אָפּפּטרן יידישע רעליגאַציעס מיט שהי פּהי, האָט זיך אין דער פּרעסע די קאַמפּאַניע קעגן יידן מוראָדיג געשטאַרקט. דער סטיל פון די ראָסטאָווער רעזידענץ־בלעטער איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אינם אָקופּירטן קיעוו. און די שוואַרץ־מאהדיגע פּרעסע האָט זיך גאָר איינגאַנצן פונאַנדערגעשפּילעט און אין איין קול געפּאָדערט, מען זאָל זיך נעמען צו יידן. חוץ די דרשות פון שולגינען, פלעגן טאָג טעגליך זיך באַווייזן אין קיעווליאנין אַרטיקלען, געחתמעט מיט Vendetta, וואָס איז טייטש „נקמה“. דאָס זיינען געווען מאַמרים פון שולגינס ווייב, וואָס האָט געשטריטן פלייצע ביי פלייצע מיט איר מאַן פאַר די הויכע אידעאַלן פון דער שוואַרצער מאה און פלעגט מיט שוים אויף די ליפּן פאָדערן, אַז מען זאָל זיך אָפּרעכענען מיט יידן. זי האָט געגישטערט אין אַלע אַנשטאַלטן, און געפינענדיג ערגעץ אַ יידן מיט אַ שטיקל התמנות, פלעגט זי פאָדערן, אַז מען זאָל אים פון ראָרטן אַרויסשטופּן. און דעניקינס גענעראַלן האָבן זיך ניט געפוילט און האָבן מקים געווען הלכות אַנטיסעמיטיזם ככתוב, ווי ס׳איז געווען געשריבן אין קיעווליאַנין.

גייענדיג אויף אַ סקאַנדאַל מיט דער ליבעראַלער קיעווער דומע, האָבן די גענעראַלן ברעדאָוו און דראַגאָמיראָוו, וואָס געווייינטליך פלעגן זיי זיך רייסן צווישן זיך צוליב קנאה־שנאה, דאָס מאָל זיך פאַראייניגט, אַלץ בכדי אַרויסצושטופּן פון דער אופּראַווע דעם איינציגן יידישן ראַטמאַן לאָדיזשענסקי. ברעדאָוו, ווי דער קליגערער, האָט דאָס געטאָן בשתיקה מיט פּאָליטישע הינטער־

גיינג, און דראַגאָמיראָוו, דער נאַרישער מאַגילאָוו, האָט דאָס געטאָן בקול רם אין אַ ספּעציעלן באַפעל, וואָס זיין אינהאַלט איז געווען: „אַ ייד לא יבוא בקהל, טאָר נישט אַריינגערעכנט ווערן צווישן קהל".

אָט דאָס איז געווען דער לאָזונג און דאָס איז געוואָרן די פּראַקטישע פּאָליטיק פון דעניקינס אַדמיניסטראַציע אין קיעוו, וואָס האָט מיט דעם מוראדיג געשפּיזט די פּאָגראָם־שטימונג. ווען איר אָבער מיינט, אַז די ראָזיגע אַדמיניסטראַציע האָט זיך אָפּגעזאָגט בכלל פון אַ מגע ומשא מיט יידן, האָט איר אַ טעות. זיי האָבן נישט איבערגעחזרט הס ושלום דעם פעלער פון דער קייזערין יעליזאַוועטאַ, וואָס האָט פון קריסטוס שונאים ניט געוואָלט האָבן קיין שום ריוח — רוקאָ פאַרקערט, די אַדמיניסטראַציע פלעגט ממש נאָכלויפן יידן און געהאַט די העזה מאָנען נדבות פאַר דער פרייוויליגער אַרמיי. דער קיעווער גובערנאַטאָר טשערניאַווסקי פלעגט זיך ניט שעמען בכבודו ובעצמו אָפּשטעלן אין מיטן גאַס זיין פערד און וואָגן און כאַפּן פאַרבייגייענדיגע יידן, פאַרפירן מיט זיי אַ שמועס און בעטן איבערגעבן דער יידישער קהלה, אַז מען זאָל טראָגן וועש און געלט פאַר דער פרייוויליגער אַרמיי. די געלט־נשמה איז נאָך אַלעמען שטאַרקער געווען ביי די דעניקינצעס פון אַלע שנאה־און נקמה־געפילן און אויפן ערשטן פּלאַן איז ביי זיי תמיד פאַרבליבן דאָס לקחנען, אַלן איינס, צי מיט גוטן, צי מיט בייזן.

וואָס ווייטער איז די לופט אין קיעוו געוואָרן אַלץ מער פאַרסמט ביז דערשטיקט צו ווערן. די אייגענע מרה שחורה האָט זיך פאַרשטאַרקט צוליב דער לאַגע פון דער יידישער פּראָווינץ. דאָרטן איז געוואָרן אַן אמתע

בהלה. אומעטום, וואו סע באַווייזן זיך די רעניקינצעס, גייט זיי דער פחד פאָרויס, און גאַנצע שטעטלאַך הויבן זיך אויף פונם אָרט און לויפן קיין קיעוו ראַטעווען דעם נפש, ווי אין די ערי מקלט. אַזוי איז אין דער גרויסער שטאָט קיעוו אויסגעוואַקסן אַ סך קליינע שטעט־לאַך: פאַסטאָוו, באָיערקע, ראַדאָמיסל, ברוסילאָוו א. אַז. וו.

נאָר וואו אַהין זאָל קיעוו אַנטלויפן?.

איז דאָך די שטאָט געווען אָפּגעשניטן פון דער גאָרער וועלט, ווי אַן עלנטע ווייספּע אין גרויסן ים. די באַנען אין רעניקינשטשינע האָבן זיך אויסגעטיילט ווי אַ באַזונ־דער טעריטאָריע, וואו סע האָט געהוליעט אויף דער פריי דער ווילדער זון פון קאַווקאַז. ער האָט שולגינס תורה נאָר פון ווייטן מיטן שפּיץ אויער דערהערט און האָט זי אָהן איבעריגע חכמות אָנגעשריבן אין קורצן, אָבער קלאָרן נוסח אויף די וואַגאָנעס: „קלאַפּ דעם זשיד און ראַטעווע רוסלאַנד“ (וואַגאָן—סטאַנציע „בעזפּאַ־לאָוואָ). אָפּיצערן און סאָלדאַטן פלעגן זיך אַריינרייסן אין די וואַגאָנעס, פאָרערן, מען זאָל זיי אַרויסגעבן אַלע יידן, אָפּנעמען ביי זיי אַלצדינג, וואָס האָט נאָר אַ ווערט פון געלט, פלעגן שלאָגן און אַרויסוואַרפן פון די וואַגאָנעס אויפן באַן־וועג, קוילען און שיסן, און קיינער האָט זיי נישט באַשטראָפט“. (פונם גלח אַגעיעווס בריוו צו רעניקינען). אמת, אויך דערפון האָבן די פרייוויליגע אָפיצערן פאַרשטאַנען צו מאַכן אַ מסחר. פאַר גוט געלט פלעגן פאָלקאָווניקעס און גענעראַלן באַלייטן רייכע יידן און אָפּהיטן זיי אין וועג: מען פלעגט אויסטון די אייגענע אָפיצערישע פאָרמעס און אָנטון זי ווי אַ קמיע אויף יידישע פלייצעס. נאָר דאָס איז געווען אַ תרופה פאַר יחידי סגולה, פאַרן ברייטן עולם איז די באַן געווען אַ ווילדער סטעפּ מיט בייזע אָנשיקעניש, וואו מע האָט

מיטן לעבן געקאָנט באַצאָלן פאַר אַ שלעכט אויסגערעדט וואָרט „קוקורוזאַ" (אַ מין אפרים־שבולת, וואָס די פּאָלראַטן האָבן געהאַט צוגעקלערט אויף צו דערקענען יידן אין זייערע באַהעלטענישן). און מע איז געווען פאַרשפּאַרט אין קיעוו, ניט געקאָנט ניט אַרויס און ניט אַריין, און געוואַרט אויף דער גזירה, וואָס האָט זיך געפילט אין דער לופטן.

געקומען איז זי אין די אָקטאָבער־טעג. כלומרשט ווי אַ נקמה־אַקט פאַרן אָנפאַל פון די באָלשעוויקעס אויף דער שטאָט אין סוף סעפּטעמבער. די פרייווילינע שוואַרצע מאה האָט זיך געהאַט צוגעאײַלט, איז אַ דערשראָקענע אַנטלאָפן פון קיעוו פאַר קליינע טיילן פון דער רויטער אַרמײַ, וואָס האָט זיך געוועסט אַרײַנגעריסן אין קיעוו בראש מיטן אוקראַינער באָלשעוויק זאַטאָנסקי. אַלע דעניקינצעס זיינען דענסטמאָל אָפּגעטראָטן פון דער שטאָט און מיט זיי אַ גרויסער טייל פון דער קיעווער באַפעלקערונג. ס'איז געווען אַ יציאת קיעוו קיין דאַרניצע, וואָס איז מיט אַמאָל פון אַ ראַטשע מגולגל געוואָרן אין אַ לאַגער פון דער פרייוויליגער שוואַרצער מאה. און דאָרטן אינם פרייווילינגן גלות האָט מען אָנגעהויבן שפּרייטן בלבולים און ליגן אויף קיעווער יידן, און צווישן די בלבולים אַ המן־בלבול: מע האָט דערציילט און נעגלויבט, אַז בעת די דעניקינצעס זיינען אַרויס פון שטאָט, זיינען יידן כלומרשט אָנגעפאַלן אויף דער רוסישער באַפעלקערונג און זיך נוקם געווען אָן זיי מיט אַ שחיטה. מע האָט געמאַכט אין דאַרניצע אַסיפות; אָפיצערן האָבן געהאַלטן פייערדיגע בלוטדורשטיגע דרשות און אויפן המן־בלבול האָט מען אויפגעבויט אַ המן־פלאַן: איבערגעבן קיעווער יידן אין די הענט פון דעם מיליטער, בעת עס וועט אַ צווייט מאָל באַפרייען

קיעוו. אין דעם פּלאַן האָט געשטעקט אַ טייוולאָנישער געדאַנק, מע האָט געוואָלט, אומקערנדיג זיך קיין קיעוו, אָפּטון צוויי שליחותן מיט אַמאָל: פֿאַרדעקן די חרפּה פֿון דער מאוסער פּחדנישער בהלה, אָפּוועגנדיג די אויגן אויף יידן, און באַפרידיגן דאָס מיליטער, די פּרייוויליגע קאָזאַקן און די פּרייוויליגע אָפיצערן, וואָס האָבן געלעכצט נאָך יידיש האָב און גוטס. צוריקקומענדיג קיין קיעוו, האָבן די דעניקינצעס זיך בעל כרחם געמוזט איבערציינגן, אַז דער המן־דבלבול איז געווען אַ בפירוש אויסגעטראַכטער ליגן. פונדעסטוועגן האָבן זיי זיך גאָר אינגאַנצן פֿונם פּלאַן ניט אָפּגעזאָגט: פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דעניקינס סטראַטעגיע און טאַקטיק האָט ער געהאַט צופיל מעלות, אַז מען זאָל אים אַזוי אָפּלאָזן ניט אויסגעפּרובטערהייט. און פֿאָלגנדיג אַ וואונק פֿון דער מיליטערישער מאַכט, וואָס האָט בפירוש געהאַט צוגעזאָגט אָפּגעבן קיעוו אויף עטליכע טעג די סאָלדאַטן אין די הענט אַריין, האָט די שוואַרץ־מאהדיגע פּרעסע תיכּף נאָכן אַריינקומען פֿון די פּרייוויליגע אויפגעהויבן אַ שפּאָגל נייע מסירה־קאַמ־פּאַניע, דערציילנדיג נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע מעשיות וועגן קיעווער יידן, וואָס האָבן כלומרשט, העלפנדיג די באָלשעוויקעס, געשאָסן פֿון די דעכער און פֿון די פֿענסטער אין די דעניקינצעס ביי זייער אָפּטרעטן פֿון קיעוו, געגאָסן נאַפט אויף די גאַסן פֿון זייער מאַר־שרוט און כּרומה אַזוינע ווילדע בלבולים. און די חוצפּה פֿון דער געלער פּרעסע איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זי פלעגט באותות ומופתים אָנווייזן די גאַסן און די הייזער, פֿון וואַנען יידן האָבן כלומרשט געשאָסן אין רוקן פֿון די אָפּטרעטנדיגע. אמת, אין די אָנגעוויזענע הייזער האָט אָפט קיין איין יידישער שכן נישט געלעבט, און די בעלי־בתים פלעגן תיכּף ומיד שיקן הכחשות אין די צייטונגען,

אמת, נאָך אַ חקירה ודרישה פון די ליבעראַלע קרייזן איז דער שכורער שוואַרצער שקר באַלד געפאַלן פון די פיס, נאָר פונדעסטוועגן האָט די בלבול־קאַמפּאַניע דער־גרייכט איר ציל: זי האָט אין דער הייסער מינוט באַ־שאַפן דעם תירוץ פאַר די פּאָגראָם־טעג פונם 1־טן ביזן 4־טן אָקטאָבער און פאַרשאַפט אַ נחת רוח דעם פריי־ווילינגן מיליטער: אַצינד האָבן קאַזאַקישע אַפּעטיטן געקאָנט און געמעגט זיך פונאַנדערשפּילן אין קיעוו, אויף וויפיל זייער האַרץ האָט זיך פאַרגלוסט.

און דער פרייווילינגער רעניקינישער קהל איז זיך צונויפגעקומען — אָפיצערן און סאָלדאַטן, אינטעלי־גענטן און עמי הארצים, אַריסטאָקראַטן פון ווייסן ביין און שאָלטיקעס, הולטאַיעס פון ערגעץ וואו, און מע האָט זיך געלאָזט גיין אין כאָפּטעס פון גאַס צו גאַס, פון הויז צו הויז. די איינציגע הילף קעגן זיי איז געווען דער געוואַלד־געש־שריי, דאָס יידישע קול. אָט רענסטמאָל זיינען דאָס אויפגעקומען די שרייענדיגע הייזער און די שרייענדיגע גאַסן. די צוימען, וואָס שיידן אָפּ די איינציגע הויפן, פלעגן יידן דורכברעכן און צונויפגיסן אין איינעם די הייזער פון גאַנצע קוואַרטאַלן. און פלעגט אַ הויז באַ־פאַלן ווערן, געוויינטליך איז דאָס פאָרגעקומען בייַנאַכט, האָט מען אין דער שטילער פינסטערניש אויפגעהויבן אַ געשריי. תיכף פלעגן זיך אָפּרופן קולות פון אַנדערע הייזער און, צונויפגיסנדיג זיך, אויסוואַקסן אין אַ געשריי פון אַ גאַנצן קוואַרטאַל. דערביי פלעגט מען קלאַפּן אין מעטאַלענע טאַצן, קלינגען אין גלאָקן און טרייסלען שטיקער אייזערנע רעלסן, וואָס מע האָט זיי ספּעציעל אויפגעהאַנגען אין די הויפן.

פון דער אַלגעמיינער צאָל יידישע משפחות אין קיעוו — פינף און דרייסיג טויזנט — זיינען רענסטמאָל

באַראַבעוועט געוואָרן ביז צוואַנציג טויזנט. אַ סך פּאַר־מעגליכע משפּחות זיינען פאַרבליבן הויל און נאַקעט: די רעניקינצעס פלעגן אָפּט איבערחזרן זייערע וויזיטן און אָפּנעמען ביז איין פּרוטה, נאָר די קליידער, נאָר די שוכוואַרג, נאָר די וועש. אויף קיעווער בית־עולם האָט מען פאַר די גזירה־טעג געבראַכט דריי הונדערט הרוגים. הײמלאָזע פון די אַרומיגע שטעטלאַך האָבן אין זייער שוץ־שטאָט, אין קיעוו, איבערגעלעבט אַ צווייטן פּאָגראָם. די פּריווילעגירטע האָבן זיך אַריינגעריסן אין יידישן קראַנקענהויז, וואו סע האָבן זיך געהיילט קרבנות פון פאַסטאָווער פּאָגראָם, און האָבן מיט די שפּיזן פון זייערע ביקסן פאַרענדיגט די אָנגעהויבענע אַרבעט פון די פאַסטאָווער פּאָגראָמשטשיקעס.

און ווי אַ המשך פון די ערשטע פּאָגראָם־טעג האָט זיך דערנאָך איינגעשטעלט אין קיעוו אַן אַנטיסעמי־טישער טעראָר. יידן זיינען געוואָרן הפקר.

ס'איז געווען אַ רויקע אַרויסצוגיין אין גאַס באַקליידט און באַשוכט. „זשיד, טו אויס די שטיוול", שרייט אַ קאָזאַק צו אַן אַלטן ייִדן, נעמט צו די שטיוול און לאָזט איבער דעם אַלטיטשקן אַ באָרוועסן און אַ וויינענדיגן אין מיטן גאַס. אַ צווייטע גאַסן־סצענע. גייט זיך אַ פּריווילעגער פראַנצויזיש־רײדנדיגער אָפיצער מיט אַ דאַמע און באַמערקט פון דערווייטנס אַ יידישע פרוי. פּלוצים לאָזט ער שטיין זיין באַגלייטערין, גייט צו נעהענטער צו דער יידישער פרוי און פרעגט: „איר זייט אַ זשידאָווקאַ?" אַ דערשראָקענע ענטפערט די פרוי: „יאָ, איך בין אַ יידיש קינד". „איז נעמט, זייט מוחל, אַראָפּ דאָס פינ־גערל פון אייער האַנט און גיט אים מיר אַוועק". און מיטן יידישן פינגערל אין האַנט, פראַנצויזיש ריידנ־

ריג, נעמט זיך דער אָפּיצער זיין פּריוויליכע, לאַכנדיגע ראַמע און שפּאַצירט זיך ווייטער איבער די קיעווער גאַסן.

אין אוונט האָט זיך אַ ייד ניט געקאָנט באַווייזן אין גאַס, און פּריה פלעגט זיך איינשטעלן דער אָוונט אין די יידישע גאַסן: באַצייטנס פלעגט מען וואַרפן די אַרבעט און אין איילעניש לויפן צו זיך אַהיים. גיך נאָך האַלבן טאָג פלעגט זיך צעשפּרייטן אַ פינסטערע שטילקייט איבער די יידישע הייזער. און רענסטמאַל פלעגט זיך אָנהויבן די אַרבעט־צייט פאַר די רעניקינצעס. „קום, קאַפּיטאַן", זאָגט דער טשעטשענעץ צו זיין אָפּיצער, „קיין בלוט וועט נישט קאָסטן, אָבער הנאָה וועלן מיר ביידע האָבן". און די פרייוויליגע האָבן געזוכט אין די הייזער, געכאַפּט אין די גאַסן, געשלעפּט אין די „שטאַבן", געגישטערט אין קעלער, געקראָכן אויפן בוידעם, געזוכט אונטערן פאָר־לאָגע, געבראָכן די שאַפעס, געריסן פון טויטע און לע־בעדיגע. הונדערטער מיליאָנען זיינען אַריבער אין אָפּי־צערישע און קאַזאַקישע קעשענעס, סע האָט זיך פאַר ווי געעפנט אַ קוואַל פון פרנסה, וואָס האָט אַריבער־געשטיגן אַלע אַנדערע הכנסות. אַפילו די קראָמען פון קאָנטר־שפּיאָנאַזש זיינען פאַרשעמט געוואָרן פאַר די פּאָגראָם־מסחרים. און ווי אַ קול קורא במדבר לאָזט זיך הערן (ראָס וויפילטע מאָל שוין?) די שטים פון קיעווער קאָמענדאַנט: „עס דערגייען צו מיר ידיעות וועגן גזלות און געוואַלד־מעשים איבער פרידליכע איינוואוינער און אויך וועגן קשה־עורפּריגער פּאָגראָם־אַגיטאַציע. בכן בין איך מוריע, אַז די פרייוויליגע אַרמיי, קעמפנדיג קעגן די באָלשעוויקעס, שטעלט זיך אין דער איינענער צייט פאַר אַ שטענדיגע אויפגאַבע איינצופירן וואָס גיכער אַ פעסטע אָרדענונג, די זיכערקייט פון לעבן און פון

האָב און גוטס"... קיעווער שטאָט־קאָמענדאַנט גענעראַל
מאַיאָר פּאַוולאָווסקי. (קיעווליאַנין 35 №)

ווייזט אויס, אַז וועגן דער צווייטער העלפט פון דער „פּריוווילינגער" אויפגאַבע האָט מען אין דער בהלה און אין שכּורן טומל, אונטער דער ווירקונג פון שולגינס קריסטליכע דרשות צו דער רוסישער נאַציע להלוטין פאַרגעסן. און דאָס האָט מען דערפילט אויך אין דער רוסישער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך באמת פאַרטראַכט אין די נוראימדיגע אָקטאָבער־נעכט, אָבער ניט אויף שולגינס שטייגער. קיעוו האָט אָנגעהויבן איבער־שאַצן איר באַציהונג צו דער פּריוווילינגער אַרמיי, אויף אירע מפּלות אַרום אָריאָל און קורסק האָט מען אָנגע־הויבן קוקן, ווי אויף אַ נאַטירליכער, פאַרשטענדליכער זאַך — אַ בולטע ראיה פאַר איר אינעווייניגסטן באַנקראָט. און קיעוו האָט אָנגעהויבן זיך אויסניכטערן...

## שולגינס ודוי

זיצנדיג אין וואַגאָן, וואָס האָט אים געראַפּט אָפּטראָגן פון קיעוו, האָט שולגין אין אַ נשמה־יתרה־מאָמענט אַ חשר געוואָרפן אויפן זווג פון דער קריסטליכער טויב מיטן יונישן שלעסל, און ווי דורכרייסנדיג זיך דורך אַ געדיכטן נעפּל, האָבן אים באַפאַלן הרהורי תשובה... על חטא שחטאנו... „אַ צווייטע סבה, וואָס האָט אונז קאַליע געמאַכט", האָט ער געשריבן אין זיין לעצטן קיעווליאַנין (82№), „איז אונזער לייכטע באַציהונג צו גנבה און גזלה... אַך, ס'איז אַ גרויסער באַטרעף, מען האָט צעראַבירט עטליכע קראָמען?! אָט אַזוי טראַכטן ביי אונז אַ סך מענטשן... אונזערע אומגליקן זיינען אויף

אונז געקומען דורך אונז אַליין... מע דאַרף זיך אַ טרייסל טון פון אויבן ביז אונטן".

דערווייל אָבער האָט דער דאָבראָוואָלעץ נאָזדריאָוו דערגרייכט זיין ציל, צום פאַרדראָס פון זיין רבין שולגין, פריהער איידער מאָסקווע, ער האָט זיך אין מיטן וועג נאָר פאַרנומען מיט חלוקה פון ראַבירט האָב און גוטס און אָנגעהויבן גיין צוריק, צוריק און צוריק...

---

